הרב אברהם מ. הערשבערג

פרעזידענט פון „מרכז הרבנים" פון לאַטיין־אַמעריקע, רב פון „בית־יצחק"־
שול אין פּאָלאַנקאָ און ראש פון דער ישיבה דמכסיקו וצנטרל־אמריקה.

# גייסטיקע שטראַלן

## עסייען און אָפּהאַנדלונגען וועגן אַקטועלע פּראָבלעמען
## לויט דעם גייסט פון די תורה



ערשטער באַנד

אַרויסגעגעבן דורכן „מרכז הרבנים פון לאַטיין-אַמעריקע"

מעקסיקע, ד. פ. תשכ"ז

1967

RABI ABRAHAM M. HERSHBERG

*Presidente de la Unión Rabínica de la América Latina*
*Rabino de la Congregación "Beit Itzjak" de Polanco y*
*Director de la "Yeshivá de México"*

# *ILUMINACION ESPIRITUAL*

*(Gaistike Shtraln)*



Editado por la
"Unión Rabínica de la América Latina"
MEXICO, 1967



**Impreso en México por**
**"Imprenta Moderna Pintel", S. A.**
**Dr. Garciadiego 28 Tel. 19-23-59**
**México 7, D. F.**

ב״ה

# פאָרוואָרט

## „תורת ה׳ תמימה משיבת נפש״ (תהילים)

דער ספר „גייסטיקע שטראַלן״ וואָס מיר גיבן איצט אַרויס איז געווידמעט פאַר אַלע יידן, כדי צו געבן זיי אַ מעגלעכקייט זיך צו באַקאַנען מיט די וויכטיקסטע און מאָדערנע פּראָבלעמען פון אונדזער צייט און גלייכצייטיק באַלויכטן דעם צוגאַנג פון דער הלכה צו די ענינים און דעם תלמודישן בליק אויף זיי.

ליידער מיינט אַ גרויסער טייל פון אונדזער יוגנט, אַז דער תלמוד און די הלכה זיינען זאַכן פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט און פאַרנעמען זיך בלויז מיט פּאַרצייטיקע פּראָבלעמען. דאָס איז ווייט נישט אַזוי. אין דעם תלמוד בבלי און אין דעם ירושלמי, און אין אונדזער הלכה ליגן באַהאַלטן טייערע אוצרות וואָס קענען העלפן פאַרשטיין און לייזן די פּראָבלעמען פון אונדזער צייט, אפילו די פּראָבלעמען פון די מאָדערנע פליערייען צו די הויכע הימלישע ספערן, אָפּגערעדט שוין פון פּראָבלעמען פון יידישן חינוך, פון דער יידישער קולטור און מאָראַל, פון די מאָדערנסטע דערפינדונגען און פון נאָך אַ גאַנצער רייע פון וויכטיקע פּראָבלעמען וואָס ווערן שוין דערמאָנט אין תלמוד אין גאַנץ מאָדערנע און אַקטועלע טערמינען.

כדי צו געבן אַ באַגריף וועגן די אַלע ענינים און כדי צו איבערגעבן אונדזער יוגנט וועגן זייער באַדייטונג און פאַרנעם, גיבן מיר איצט אַרויס דעם ערשטן באַנד פון די „גייסטיקע שטראַלן״ וואָס וועלן העלפן דערקלערן, אויסטייטשן און אילומ-

טריבן די אַלע וויכטיקע פּראָבלעמען פון אונדזער צייט. מיר וועלן אי"ה אויך אַרויסגעבן דאָס בוך אין אַ שפּאַנישער איבער־זעצונג פאַר די וואָס לייענען נישט — לײדער — קיין יידיש און איבערהויפּט פאַר אונדזער יונגן דור.

אין אונדזער ספר האָבן מיר אין פיל פלעצער נישט אָנגעגעבן אַלע מקורות פון די מאמרי חז"ל, נאָר מיר האָבן באַמיט זיך צו אָפּשטעלן אויף די הויפּט־יסודות פון דער הלכה און תלמוד, קאָמענטירנדיק זיי אויף אַ פּאָפּולערן און לייכט־פאַר־שטענדלעכן אופן.

מיר ווילן האָפן, אַז אונדזער ספר וועט טאַקע אַריינברענגען אַ גייסטיקן שטראַל פון ליכט, סיי פאַר דעם עלטערן דור און סיי פאַר אונדזער יוגנט, כדי זיי זאָלן קענען דערזען און אָפּשאַצן די ליכטיקייט וואָס עס שטראַלט אַרוים פון אונדזערע גאונים און חכמים, פון די תנאים, אמוראים און ראשונים און אויך פאַרשטיין זייערע פּערלדיקע רייד און קאָמענטאַרן.

אין דעם צווייטן חלק פון אונדזער ווערק וועלן מיר אַריינגעבן אם ירצה השם נאָך זייער פיל קאָמענטאַרן צו די פּראָבלעמען פון אונדזער מאָדערנער צייט, אַ צייט אין וועלכער די מענטשהייט האָט שוין ממש דערגרייכט די הויכע הימלען, אָבער אין גייסטיקן זין בלאָנדזשעט זי נאָך אין אַ געדיכטער פינצטערניש.

מיר ווילן האָפן, אַז די ווערטער פון אונדזערע חז"ל וועלן אַריינברענגען אַ ליכטיקייט און קלאָרקייט אויף דעם פינצטערן וועג אויף וועלכן מיליאָנען מענטשן בלאָנדזשען נאָך איצט.

ר' אלכנסדרי בתר צלותיה אמר: הכי יהי רצון מלפניך ה' אלקינו, שתעמידנו בקרן אורה ואל תעמידנו בקרן חשיכה, ואל ידוה לבנו ואל יחשכו עינינו. **(ברכות ד' ט"ז)**

דער מחבר

געווידמעט צו מיין טייערע פֿרוי הרבנית **רבקה** תחיי און מיינע ליבע קינדער; מיין טאָכטער **יהודית** מיט איר מאַן **הרב אַלתר בן ציון מעצקער** שיחיי, מיין זון הבחור העלוי **יהושע העשעל** שיחיי, מיין טאָכ־טער **חנה רחל** תחיי און מיין זונעלע **שמואל לייב טובי׳** שיחיי.

**המחבר**

# דער תלמוד און די מאָדערנע וויסנשאַפט

„הפוך בה והפוך בה דכולה בה"... (אבות)

ווייניק מענטשן ווייסן, אַז אין אונדזער תלמוד געפינט מען די שענסטע פערל נישט בלויז אין דער הלכה און רעליגיע, נאָר אויך פּראָבלעמען אפילו פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט. אַזוי אַרום, אַז אין אונדזערע ישיבות לערנט מען אויך מאָדערנע וויסנשאַפט, וועלטלעכע לימודים. דער רעליגיעזער מענטש שאַצט אָפּ די וויכטיקייט פון די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען און פון די נייעסטע דערפינדונגען פון דער טעכניק.

דער ווילנער גאון זצ"ל האָט אַמאָל דערקלערט, אַז וואָס מער מיר לערנען און פאַרשטייען די פאַרשידענע וויסנשאַפטלעכע לערעס אַלץ מער קענען מיר בעסער פאַרשטיין אונדזער תורה און מיר קענען דערקלערן, אַז אין דער תורה קען מען געפינען אַלע טיפסטע ענינים סיי אין הלכה און סיי אין די סאַמע וועלטלעכע לימודים. מען דאַרף נאָר קענען זוכן, נאַטירלעך...

די נייעסטע פאָרשונגען אויף די פאַרשידענע געביטן פון אַנטראָפּאָלאָגיע, סאָציאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע און פון אַנדערע וויסנשאַפטן האָבן פאַר דעם מענטש געעפנט נייע האָריזאָנטן און גרינגער געמאַכט צו פאַרשטיין פאַר אונדז דעם טיפן וועג פון תלמוד און פון דער יידישער הלכה.

מיר זעען אויך ביי די אַנדערע נישט־יידישע פעלקער פאַרשידענע געזעצן וואָס רעגולירן זייער לעבן און זייער צוזאַמענלעבן מיט דער וועלט, ווי די גריכישע און רוימישע געזעצן, אָבער די תלמודישע הלכה נעמט אַריין אַ גאַנצן ים וואָס ווערט טאַקע אָנגערופן ים התלמוד.

ער נעמט אַרום זייער פיל ענינים פון יוריספּרודענץ, פון יושר און פון מאָראַל און דיסציפּלין.

דער תלמוד לערנט אונדז די וועגן ווי צו היטן אַז די מידות זאָלן זיין גוטע, באַזירט אויף עטיק און יושר, אויף מאָראַל און ציוויליזאַציע. דרך ארץ קדמה לתורה. דרך ארץ גייט פריער פאַר יעדער תורה: אַ מענטש וואָס האָט נישט קיין רעספּעקט און פיינעם כאַראַקטער און קען נישט האָבן איידלקייט אין זיינע באַציאונגען צו מענטשן, פאַרשעמט די תורה. דרך ארץ איז אַן הקדמה צו דער תורה, פלעגט דער קאָצקער רבי זאָגן. אין דער הקדמה קען מען זען דעם אינהאַלט פון דעם גאַנצן ספר. אין דעם דרך ארץ פון דעם מענטשן קען מען זען זיין גאַנצע באַציאונג צו דער תורה. דער גאַנצער מענטש שפּיגלט זיך אָפּ אין זיין אויפפירונג און אין זיינע מידות, זאָגן די חז"ל. די חז"ל אויך, אַז „ראו כמה דרכיו נאים, כמה מעשיו נאים". די וועגן און די מעשים דאַרפן זיין שיינע ביי די מענטשן און איבערהויפּט ביי איינעם וואָס האַלט זיך פאַר אַ תלמיד חכם. נישט נאָר די מעשים וואָס ער טוט, נאָר אפילו די וועגן צו די דאָזיקע מעשים דאַרפן זיין שיינע, ווייל מיר גלויבן נישט, אַז דער ציל הייליקט די מיטלען. ביי אונדז דאַרף זיין אַלץ ריין און שיין, ווייל דאָס איז דער צוגאַנג פון אונדזער תורה צו דעם מענטשלעכן לעבן און צו די באַציאונגען פון דעם מענטשן מיט דער וועלט.

אין תלמוד מס" יומא (ד" כ"א) ווערט דערמאָנט ראַדיאָ. די גמרא זאָגט דאָרטן, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ קול וואָס מען קען הערן פון איין עק וועלט ביז צו דעם צווייטן און דאָס הייסט ראַדיאָ. דאָס וואָרט „ראַדיאָ", דענק איך נעמט זיך פון דעם אויסטויש פון כוואַליעס אין דער לופטן, פּונקט ווי עס ווערן אָנגערופן די כוואַליעס פון אַ פאַראַקערטן פעלד „לרידיא זבין" אין תלמוד. (זע רש"י דאָרטן) זעען מיר, אַז עס איז געווען באַקאַנט דער נאָמען „רידיא" אין דער צייט פון תלמוד. אין מסכת שבת (ד" כ"ב ע"ב) אין תוספות (ד"ה וכי לאורה הוא צריך) ברענגט אַ ברייתא פון מלאכת המשכן, אַז דער כהן פלעגט דורכלייכטן מיט רענטגען דעם קרבן און אַריינקוקן אינעווייניק כדי צו זען צי די בהמה איז נישט טריף און צי זי איז כשר. מיר געפינען אויך אין תוספתא שבת (פ"ז) ווו עס ווערט דערקלערט, אַז עס זיינען פאַראַן זאַכן וואָס זיינען פאַרבאָטן צוליב כישוף, אָבער מען מעג מאַכן אַ ברזא בין האופרוחים מפני הרעמים והברקים. דאָס הייסט,

אַז מען מעג נעמען אַ שטיקל אייזן אָדער קופּער, כדי צו אָפּצוציען די דונערן און די בליצן. דאָס איז שוין אַ רמז אויפן מאָדערנעם בליץ־אָפּלייטער, וואָס איז דערפונדן געוואָרן דורך דער מאָדערנער וויסנ־שאַפט. דאָס איז ערשט דערפונדן געוואָרן אין דעם לעצטן יאָרהונדערט, אָבער אונדזערע חז"ל האָבן שוין געוווסט פון דעם מיט טויזנטער יאָרן צוריק...

די תוספתא אין שבת (פ"ז ג") זאָגט „ונותן לפניה ספל של מים". אַז מען שטעלט אַוועק פאַר דער יולדות, פאַר דער קימפּעטאָרין, אַ טעפּל מיט וואַסער, כדי עס זאָל נישט זיין קיין העמאָריטיס, כדי זי זאָל נישט שטאַרק בלוטיקן. הײַנט איז אַ באַקאַנטער פאַקט אין דער מעדיצין, אַז וואַסער שטעלט אָפּ אין אַ גרויסער מאָס און אין פיל פאַלן דאָס בלוטיקן.

אין אַן אַנדער פלאַץ אין תלמוד, מס" גיטין (ד" ס"ט) ווערט גע־בראַכט: לדמא דאתי מנחירא ליחזו את המים. כדי צו אָפּשטעלן די בלוטיקונג פון נאָז זאָל מען קוקן אויפן וואַסער, ווייל וואַסער באַ־רואיקט און שטעלט אָפּ דעם לויף פון בלוט ביי דעם מענטשן...

מיר געפינען אויך אין דער תוספתא אין מס" שבת (פ"ח הלכה י"): מבעיתן לעוות ולפוקה. דאָס הייסט, אַז מען מעג איבערשרעקן אַ קראַנקן, ווייל עס קען פאַסירן, אַז דורך דער שרעק קען ער ווערן געזונט. אָט דאָס שטימט מיט די מאָדערנע פּסיכאָלאָגישע מעטאָדן און מיט די דערפינדונגען פון עלעקטראָ־שאָקס פאַר נערוון־קראַנקע. ווען דער פּסיכיש־קראַנקער ליידט פון אומבאַגרינדעטער שרעק, אָדער אויך פון איינרעדענישן, קען מען דורך די דאָזיקע עלעקטראָ־שאָקס אים אויסהיילן און צונעמען ביי אים די שרעק. דורך דעם מאַכט מען אויף אים אַ גרויסע פּסיכישע אויפטרייסלונג, אַ מין שרעק, וואָס ווירקט גוט מיט דער צייט.

עס איז פּשוט ווונדער איבער ווונדער ווען מיר דערוויסן זיך וויפל מאָדערנע דערפינדונגען פון דער היינטיקער טעכניק און ציווי־ליזאַציע זיינען שוין אָנגעמערקט געוואָרן אין תלמוד. די חז"ל דער־מאָנען דאָס קלאָר אין פאַרשידענע פּלעצער.

אַנעסטעסיע ווערט אויך דערמאָנט אין תלמוד. עס ווערט דערציילט וועגן אַ קראַנקן וואָס מען האָט איינגעשלעפערט, כדי צו מאַכן אַן אָפּע־ראַציע איבער זיין בויך. אַזעלכע כירורגישע אָפּעראַציעס זיינען שוין

דאַן געמאַכט געוואָרן און זיי ווערן דערמאָנט אין דער משנה. (אהלות פ"ז).

דער תלמוד ברענגט אויך אין מס" נדרים (ד" נ"ב) אַז שמואל האָט עקזאַמינירט זיין אייגענעם מאָגן מיט אַ רער, ווי מען טוט דאָס טאָקע היינטיקע צייטן מיט די מאָדערנע אַנאַליזן און גאַסטרישע פאָרשונגען. דער תלמוד ראט אויך אין מס" ב"ק ד", אַז מען זאָל גלאָט אין דער וועלט נישט אַרויסנעמען די ציין, נאָר מען זאָל זיך באַמיען זיי צו ראַטעווען ווי ווייט עס לאָזט זיך. בעסער אַ שלעכטער אייגענער צאָן, ווי אַ גוטער אַ פרעמדער. דאָס שטימט מיט די לעצטע מעדיציניש פאָרשונגען וועגן דענטיסטישע פראָבלעמען און וועגן קראַנקייטן פון די ציין. פריער האָט מען געהאַלטן אַנדערש, אַז מען דאַרף קראַנקע ציין וואָס גיכער אַרויסנעמען.

אַז ניסן מאַכט בעסער דעם קראַנקן איז אויך שוין אָנגעמערקט אין תלמוד: עיטוש יפה לחולה דכתיב עטישותיו תהל אור (איוב, מ"א) (ומס" ברכות ד" כ"ד). דאָס ניסן עפנט די פאַרשטאָפּטע קאַנאַלן פון נאָז און פון מוח. אין תוספתא שבת פ"ז ווערט אָנגערופן דאָס געניצן מרפא, ווייל דאָס איז אויך אַ רפואה פאַר דעם מענטשן און עס ווערט אויך דערמאָנט אין תלמוד, אַז „אסור ליתן מעות בפיו", אַז מען טאָר נישט האַלטן קיין געלט אין מויל. די הלכה, אַז אין דעם געלט קענען געפינען זיך מיקראָבן און אַז דעריבער איז נישט געזונט צו נעמען געלט אין מויל איז אויך דערמאָנט. (שו"ת מהר"יל, סי" ל"ה).

די חז"ל האָבן אויך אָנגעמערקט, אַז אַרטריטיס איז פאַרבונדן מיט פאַרקילונגען. אין מדרש רבה ויקרא (מצורע פ"וו י"ט). אין דעם פסוק בעצלתים ימוך המקרה, ווערט קאָמענטירט אַז על ידי שאָדם מתעצל לכסות ראשו כראוי נעשה דאומטיקוס. עס ווערט געטייטשט, אַז דער־מיט האָבן אונדזערע חכמים געמיינט אַרטריטיס.

גדולה תשובה שמביאה רפואה לעולם. (יומא ד" פ"ו) דאָס מיינט, אַז תשובה קען היילן די גייסטיקע צערודערטקייט פון דער וועלט. עס איז נישטאָ אין דער וועלט קיין מנוחת הנפש, ווייל דער שטורמישער גאַנג פון דעם מענטשלעכן לעבן צעשטערט די גייסטיקע און פיזישע כוחות. פאַר דער שוואַכקייט איז תשובה דעריבער די בעסטע רפואה.

„לשון חכמים מרפא". (משלי) ווען אַ מענטש רעדט מיט אַ קלוגער שפּראַך, מיט איידלקייט צו אַ קראַנקן מענטשן, היילט ער אים דורך

דעם. דאגה בלב איש חד אמר ישחינה לאחרים, ואפילו לעצמו. דאָס הייסט, אַז ווען עפּעס דריקט אויפן האַרצן פון אַ מענטשן, טאָ זאָל ער זיך אַראָפּריידן פון האַרצן. ער דאַרף פון זיך אַרויסריידן די אַלע פּראָבלעמען, וועט אים ווערן לייכטער, ווייל דאָס דריקט אויף זיין געוויסן. הקב"ה במה שמכה בו בו מרפא (מד"ת בשלח, נ"ה, ח") דאָס הייסט, אַז אין דער קראַנקייט גופא קען ליגן די רפואה. די נייעסטע דערפינדונגען פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט באַשטעטיקן אויך, אַז אין דער קראַנקייט גופא קען ליגן די רפואה. עס ווערן דאָך אויס־געאַרבעט סערומס און איינשפּריצונגען וואָס האָבן אַלס באַזע די באַצילן פון דער קראַנקייט גופא. דערמיט ראַטעוועט מען זייער פיל קראַנקע מענטשן.

אין מסכת יומא (פ"ח מ"ו) ווערט געבראַכט, אַז „מי שנשכו כלב שוטה, ר' מתיא בר"ח איז מתיר לאכלו מחצר הכבד שלו". דאָס הייסט, אַז אויב אַ מענטש איז געביסן געוואָרן פון אַ משוגענעם הונט, מעג מען דעם געביסענעם געבן צו עסן פון דעם הונטס נעץ־לעבער, ווייל דאָס איז אַ רפואה קעגן הידראָפּאָביע.

די מאָדערנע מעדיצין האָט שוין אויסגעפונען, אַז אין דעם סאַמע בלוט פון דעם משוגענעם הונט איז פאַראַן די רפואה קעגן דער קראַנקייט פון הידראָפּאָביע. דעריבער מאַכט מען אין אַזאַ פאַל איינ־שפּריצונגען צו דעם קראַנקן וואָס איז געביסן געוואָרן, פון דעם בלוט פון דעם הונט גופא.

מיר זעען אויך, אַז אין די צייטן פון דער משנה האָט מען שוין געוווּסט וועגן דעם אַז מען קען היילן אַ קראַנקן דורך איינשפּריצונגען פון בלוט וואָס שטאַמט פון דער זעלבער קראַנקייט. אין תלמוד און משנה איז דאָ אַ מחלוקה צווישן די חכמים, און ר' מתיא ב"רח, צי מען מעג געבן דעם קראַנקן עסן דעם מחצר הכבד, ווייל דאָס איז דאָך טריפה. די חכמים האָבן געהאַלטן, אַז עס איז נישט זיכער צי דאָס איז טאַקע די רפואה. דער רמב"ם רופט דאָס אָן אין פירוש המשניות אין יומא רפואה סגולות, אָבער דער פאַקט איז, אַז ר"מ בן חרש איז מתיר און ער האַלט, אַז עס איז זיכער, אַז דאָס איז אַ רפואה צו היילן דעם געביסענעם פון הונט און ממילא איז דאָך עס פּיקוח נפש וואָס איז דוחה טריפה און דעריבער מעג דער קראַנקער עסן דאָס.

אויך וועגן היפּנאָטיזירן מענטשן געפינען מיר שוין אין אונדזערע אַלטע ספרים. אין ש"ות בנין ציון (ג") ווערט געבראַכט וועגן דעם צי

מען מעג היפנאָטיזירן אַ קראַנקן, אויב דאָס קען העלפן אים צו ווערן געזונט. עס ווערט געפּסקנט, אַז אויב מען דערמאָנט נישט דעם נאָמען פון עבודה זרה, מעג מען דאָס טאָן.

די זעלבע פראַגע ווערט געשטעלט וועגן פּסיכאָ־אַנאַליזירן קראַנקע מענטשן, ווייל דאָס זעט דאָך אויס קעגן דער נאַטור פון מענטשן צו אויסגעפינען זאַכן פון זיין אונטערבאַוווסטזיין. אין רדב״ז (סנהדרין פ״ב ה׳י״א) ווערט געפרעגט צו וואָס האָבן די סנהדרין געדאַרפט קענען די רפואות און עס ווערט געענטפערט, אַז כדי זיי זאָלן קענען וויסן וועגן די רפואות וואָס היילן די קראַנקייטן ע״פ טבע און נישט קיינע סגולות, ווייל נאָר די ריכטיקע רפואות זיינען דוחה שבת.

עס איז דאָ נאָך אַ פראַגע וועגן דעם צי מען מעג העלפן אַ מענטשן דערנענטערן זיין טויט, ווען מען זעט, אַז ער ליידט זייער שטאַרק און קען שוין סיי ווי סיי נישט לעבן מער. אין ש״ע (יו״ד ס״י) ווערט געפּסקנט, אַז מען טאָר דאָס נישט טאָן. אין מס״ כתובות (ד״ ק״ד) ווערט דערמאָנט, אַז מען מעג בעטן פאַר דעם קראַנקן, אַז ער זאָל שנעלער שטאַרבן, אויב ער ליידט גרויסע יסורים. אָבער אפילו וועגן דעם האָבן נישט אַלע חכמים מסכים געווען, אָבער דער ר״ן אין נדרים ד״מ זאָגט, אַז מען בעט נישט פאַרן לעבן און נישט פאַרן טויט. אין מס״ ב״מ ד״ פ״ד ווערט געזאָגט, אַז מען פלעגט בעטן רחמים, כדי דער מענטש זאָל שטאַרבן, ווען ער האָט געהאַט שטאַרקע יסורים.

עס איז אויך דאָ די פראַגע וועגן דעם צי מען טאָר נישט געבן די רפואות צו דעם קראַנקן וואָס ליידט שטאַרק, כדי ער זאָל במילא שטאַרבן. דאָס טאָר מען אוודאי נישט, ווייל אויב מיר וויסן, אַז דורך נישט געבן די רפואות וועט דער חולה שטאַרבן, מוז מען אוודאי אים געבן די רפואות.

וועגן דער פראַגע צי מען דאַרף ראַטעווען דער מוטער און נישט דאָס קינד, ווען אַ קימפּעטאָרין גייט שווער צו קינד, ווערט געבראַכט, אַז מען דאַרף פריער זען, אַז די מוטער זאָל נישט שטאַרבן, דאָס הייסט, אַז מען דאַרף פריער ראַטעווען די מוטער. אין די שו״ת שטייט, אַז מען מוז אומברענגען דאָס קינד וואָס דאַרף ערשט געבוירן ווערן. אויך אין רמב״ם ווערט געבראַכט דאָס זעלבע און דאָס קינד ווערט אָנגערופן רודף להרוג את אמו, ווייל דורך אים קען אומקומען זיין מוטער און טראָץ דעם וואָס דאָס קינד איז אומבאַוווסטזיניק, ווערט

עס אָנגערופן ווי אַ רודף להרוג און דעריבער דאַרף מען אים אומברענגען.

עס איז שוין אויך אַ גוט־באַקאַנטער פאַקט אין דער הייגטיקער מעדיצין, אַז פיזישע אַרבעט איז געזונט פאַר דעם מענטשן און עס מאַכט גוט צירקולירן זיין בלוט. די גמרא, אין גיטין ד״ פ״ז זאָגט: גדולה מלאכה שמחממת את בעלה. מלאכה איז אַ גרויסע זאַך, ווייל זי העלפט דעם מענטשן זיין געזונט און דאָס גיט אים וואַרעמקייט.

די גמרא אין ברכות ד״ י״ ע״ב זאָגט: חזקיה גנז ספר הרפואות והודו לו. רש״י זאָגט, כדי מען זאָל בעטן רחמים, אָבער עס איז דאָך אַ מצווה צו העלפן אַ קראַנקן, טאָ פאַרוואָס האָט מען באַהאַלטן דעם ספר הרפואות? דאָס דאַרף דאָך האָבן דער דאָקטער, כדי צו וויסן ווי צו היילן דעם קראַנקן.

די לעצטע אַנטפּלעקונגען אין דער מעדיצינישער וועלט, אַז גאָר אַ גרויסער טייל פון די קראַנקייטן האָבן צו טאָן מיט דעם פּסיכישן און גייסטיקן צושטאַנד פון די פּאַציענטן, דאָס איז שוין אַן אַלטער פאַקט וואָס ווערט אויך דערמאָנט דורך אונדזערע חז״ל. דאָס וואָס דעם מענטשן דריקט אויפן געמיט, וואָס ער האָט נישט קיין זיכערקייט אויף דער צוקונפט, דאָס וואָס ער איז נישט זיכער מיט זיך אַליין — דאָס אַלץ שאַפט קראַנקייטן און דער מצב הרוח פון די מענטשן איז אין די אַלע פאַלן זייער וויכטיק. דעריבער זוכט די מאָדערנע מעדיצין צו בישטערן אין די פאַרבאָרגענע ווינקעלעך פון דער מענטשלעכער נשמה און די געפילן פון דעם קראַנקן מענטשן, כדי צו אויסגעפינען ווי אַזוי צו היילן אים. ווען מען געפינט אויס וואָס עס דריקט דעם קראַנקן אויפן האַרצן, איז שוין דאָס אַליין אַ גרויסע רפואה.

די גמרא אין ב״ב (ד״ ט״ז) ברענגט, אַז מען פלעגט אַמאָל גע־היילט ווערן דורך די ווערטער פון אברהם אבינו און דערנאָך דורך דעם גילגול חמה, דורך די שטראַלן פון דער זון וואָס פלעגן ברענגען היילונג פאַר דעם מענטשן. חזקיהו האָט נישט מבטל געמאַכט דעם ספר הרפואות, נאָר ער האָט אים „גונז״ געווען, דאָס הייסט, אַז ער האָט אים באַהאַלטן, ווייל נישט אַלץ איז די פיזישע רפואה נאָר די גייסטיקע און דאָס שטייט נישט אין קיין ספר. דאָס קען מען נאָר וויסן פון דעם ספר החיים, פון דעם בוך פון לעבן.

אין רמב״ם, הלכות ברכות (פ״י) ווערט געזאָגט וועגן הקזת הדם, ביי לאָזן בלוט פון דעם מענטשן, אַז מען זאָגט די תפלה „יהי רצון

מלפניך ה״ אלקי שיהי״ עסק זה לי לרפואה כי רופא חנם אתה״. און נאָכדעם ווערט געזאָגט „ברוך אתה ד״ רופא חולים״. דאָס פיזישע ווערט גלייך פאַרבונדן מיט דעם גייסטיקן לעבן פון דעם מענטשן, מיט דער ג־טלעכקייט פון דער נשמה.

פאַרוואָס שטייט נאָר, אַז עס איז אַ רשות צו היילן? עס איז דאָך אַ חוב צו היילן, נאָר אַזוי ווי מען קען נישט נויטן דעם דאָקטער, מוז די רעטונג קומען אַליין פון די מענטשלעכע געפילן. זאַכן וואָס זיינען געבויטע געצוווּנגענע, פטרט מען אָפּ אָן אַ שום פליכט.

געצוווּנגענע זאַכן פטרט מען אָפּ ווי אַ חוב, אָבער זאַכן וואָס דער מענטש אַליין פילט, אַז ער דאַרף דאָס טאָן גייען אַריין טיף אין דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד און דאָס ווירקט זייער גוט אויפן קראַנקן. דער קראַנקער דאַרף האָבן דאָס געפיל, אַז די הילף ווערט אים געגעבן מיט מאָראַלישער הויכקייט און מיט מענטשלעכקייט. נאָר אַזוי קען מען היילן די קראַנקע מענטשן.

דאָס איז זייער וויכטיק, אַז יעדער דאָקטער זאָל דאָס נעמען אין אַכט.

# דער חינוך פון לערע מיט מעשים

עס איז נישט גענוג בלויז צו לערנען מיט די תלמידים בלויז ידיעות, נאָר מען דאַרף אויך אין זיי אַריינפלאַנצן דעם גייסט פון די לימודים, כדי זיי זאָלן אינערלעך איבערלעבן די זאַכן וואָס זיי לערנען. מען דאַרף אויך איינפלאַנצן אין זייערע הערצער דעם גייסט פון קדושה פון די יידישע לימודים, כדי אין זייערע הערצער זאָל בלייבן דער רעספּעקט און דער דרך ארץ פאַר דעם וואָס מען לערנט מיט זיי — די קדושה און די יסודות פון יידנטום. דער געדאַנק פון די חז"ל: „יודע לדבר אביו מלמדו תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב". ווען דאָס קינד הייבט נאָר אָן צו רעדן, דאַרף מען אין אים אַריינברענגען דעם הייליקן גייסט פון אונדזער תורה און די גייסטיקע ירושה פון אונדזערע עלטערן. מען דאַרף אין זיי אַריינברענגען די תורה ומסורה וואָס שפּרודלט אין די טיפענישן פון אונדזער נשמה. נאָר דאַן וועלן מיר זיין פאַרזיכערט מיט דער צוקונפט פון קהלת יעקב.

די גמרא, אין עירובין (ד" נ"ד) זאָגט „העושה סמנים לתורה אינו שוכח". די תורה דאַרף האָבן סמנים אין לעבן פון די תלמידים און סמנים אין פּראַקטישן לעבן. נישט בלויז ווערטער, נאָר טאַקע איינפלאַנצן מעשים טובים און דרך ארץ פאַר דער תורה אין די הערצער פון די תלמידים. אַזוי אַרום וועט די תורה נישט פאַרגעסן ווערן. די גמרא זאָגט: שלשה סמנים יש בישראל. ביישנים רחמנים וגומלי חסדים. די דאָזיקע סמנים אין לעבן שאַפן די יסודות פון יידישקייט. די גדולים פון מעשים האָבן זייערע ווערטער מקצר געווען. די גדולים פון ווערטער האָבן די מעשים מקצר געווען...

„וכל העם רואים את הקולות" — זאָגט די תורה ביי קבלת התורה. אַלע מענטשן האָבן געזען די קולות. דאָס הייסט אַז דער אמתער כוח פון קבלת התורה איז נישט אין שיינע פראַזעס און אידעאַלן, נאָר אין

פראַקטישע און טאָג־טעגלעכע מעשים. מען טאָר נישט זיין בלויז אַ נאה דורש, נאָר אויך אַ נאה מקיים.. די קולות וואָס האָבן געדונערט ביי קבלת התורה, די שטימע פון אנכי ד", פון לא תגנוב, לא תחמוד א. א. וו. האָט מען געזען אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן. נאָר דאָס איז דער יסוד פון דער אמתער יידישקייט.

די גמרה זאָגט אין מס" מגילה: כל הקורא בלא זמרה אומר עליו הכתוב משפטים בל יחי בהם. מען דאַרף ביים לערנען גמרא אַרויסזינגען פון די טיפענישן פון דער נשמה די טענער פון אביי ורבא, פון תנו רבנן, תורת ה" תמימה משיבת נפש. ווען די תורה איז גאַנץ אין דעם לעבן פון דעם תלמיד, נישט בלויז אויסערלעך קערפערלעך, נאָר טאַקע אין זיין גאַנצער נשמה און וועזן, דאַן שאַפט זיך די שמחה ביי די וואָס לערנען איר. ווען איינער טוט נאָר די זאַכן בלויז אויסערלעך, כדי יוצא צו זיין און ער לערנט די תורה נאָר צו לערנען סתם, דאַן שאַפט זיך נישט ביי אים קיין פריילעכקייט נאָר פאַרקערט: עס קומט אַ טרויער פון אַן אַרויפגעצוווּנגענעד אַרבעט. נאָר ווען מען לערנט תורה אמתדיק און מיטן גאַנצן האַרצן קומט פאַר די לערנער אַ גרויסע און געזונטע אינערלעכע פרייד, געזאַנג און שמחה. כתבו לכם השירה הזאת. די תורה דאַרף זיין אַ פריילעכער געזאַנג וואָס זאָל קומען פון האַרצן און פון לעבן. ולמדה את בני ישראל. נאָר דאַן קען מען לערנען די תלמידים.

די גמרא ברענגט אין מס" שבת ד" ק"ד: אתו דרדקי האידנא לבי מדרשא ואמרו מילי דאפילו בימי יהושע בן נון לא איתמר כוותיהוי. אלף בית — אלף בינה, גימל דלית — גמול דלים. די יונגע תלמידים האָבן אין בית מדרש דערקלערט ווונדערבאַרע ווערטער: אַז אלף בית מיינט אלף בינה, לימוד התורה (רש"י) און אַז גימל דלית מיינט גמול דלים. צו העלפן די אָרעמע לייט. אַזוי האָבן זיי געדרשנט און אַזוי האָבן זיי אין זיך איינגעזאַפט נישט נאָר די פשוטע אותיות פון דעם אלף בית, נאָר אויך דעם טיפן זין וואָס ליגט אין זיי. דאָס איז די גרויסקייט פון קענען אויסטייטשן די אותיות. אַזוי ווערט געזאָגט שפּעטער וואָס עס מיינט סמך־עין: סמנין עשה בתורה וקנה אותה. די גרויסקייט פון יידישן אלף בית איז נישט דער אלף בית פון תורה וחכמה נאָר פון מעשים. לימוד התורה דאַרף זיין באַגלייט מיט גמילות חסדים, מיט מעשים פון צדקה און חסד. די שיינע לערע איז נאָר שיין דאַן ווען זי האָט אויך שיינע מעשים, ווי דער סמך־עין זאָגט, אַז

סמנין עשה בתורה, סמנים פון פראַקטישן יידישן לעבן, פון מאָראַל און עטיק. דאָס איז דער אלף בית פאַר די יידישע קינדער. דאָס איז דער פונדאַמענט פון דעם חנוך לנער. חנוך לנער ע״פ דרכו כי יזקין לא יסור ממנו... דאָס איז די מיינונג פון דער גמרא, אַז אויך אין די צייטן פון יהושע בן נון האָט מען נישט פאַרשטאַנען, אַז דער פונדאַמענט פון דער תורה איז נישט בלויז דער לא ימוש נאָר די סמנים...

עס איז דאָ אַ תשובה אין ראבי״ה, אַז די בענקעלעך אויף וועלכע די קינדער זיצן ביים לערנען אָדער ביים דאַוונען, טאָר מען נישט נוצן פאַר קיין שום אַנדער זאַך, ווייל זיי זיינען הייליק און פול מיט קדושה. זיי העלפן צוגרייטן דעם נייעם יידישן דור. אַזוי ווי די קליינע קינדער לערנען אויף די בענקעלעך, טאָר מען זיי נישט באַנוצן פאַר קיין שום וואָכעדיקער אַרבעט. זיי העלפן אויסשמידן די קייט פון אונדזער תורה. די תורה פון די קינדער, דאָס איז די הייליקסטע אַרבעט, ווייל זי גרייט זיי צו אויף שפּעטער. דאָס איז דער פונדאַמענט פון אונדזער קיום התורה.

די משנה זאָגט אין מס״ אָבות: והעמידו תלמידים הרבה. מען דאַרף אויפשטעלן אַ דור פון אַ סך תלמידים, מען דאַרף זיי געבן אַ געזונטן יסוד פאַר דעם לימוד התורה, צוזאַמען מיט מעשים טובים. דאָס דאַרף זיין די באַזע פון זייער לערע און אויף דער באַזע וועלן זיי קענען לעבן זייער גאַנצן לעבן.

די חז״ל זאָגן: שמעון בן שטח תיקן שיהי״ התינוקות הולכין לבית הספר. גמ״ קידושין. (ד״ ס״ו) נישט דעם בית הספר האָט ער געשאַפן, נאָר ער האָט געשאַפן אַ געהעריקע אַטמאָספער פון גייסטיקן כאַראַק־טער, כדי די תלמידים זאָלן קענען לערנען אין הייליקייט און כדי זיי זאָלן קענען גוט פאַרשטיין די באַדייטונג פון דער הייליקייט פון דער תורה און די וויכטיקייט פון חינוך הבנים ביי די עלטערן און זייערע קינדער. דערפון איז אַרויסגעקומען, אַז די קינדער האָבן ליב געהאַט צו גיין אין בית הספר און עס האָט נישט פאַסירט קיין פאַל פון אַ „תינוק הבורח מבית הספר״...

מיר זוכן עצות ווי אַזוי צו פאַרמיידן די פּלאָג פון די יוגנט־פאַר־ברעכנס. די בעסטע עצה איז צו אָנווענדן, ווי די חז״ל זאָגן, אמונה און לימוד התורה, ווייל די בעסטע וויסנשאַפטן וועלן נישט קענען אויפטאָן דאָס וואָס אונדזער תורה און חינוך. די בעסטע וויסנשאַפטן וועלן נישט פאַרמיידן די כוואַליע פון די געפערלעכע יוגנט־פאַרברעכנס,

ווייל זיי דרינגען נישט אַריין אין דער נשמה פון דער יוגנט און פלאַנצט נישט איין אין זיי די אמתע געפילן פון רעספעקט פאַר דעם מענטשלעכן לעבן, ווי דאָס קענען טאָן אונדזערע לימודי קודש. דער־מיט וואָס מען האָט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן צוגענומען די תפי־לות פון די קינדער אין די פּאַלקסשולעס, האָט מען געעפנט אַ וועג פאַר נייע יוגנט־פאַרברעכנס. די תפילה רייניקט די הערצער פון די קינ־דער און פון די יוגנטלעכע. די תפילות גרייטן זיי צו צו העכערע אידעאַלן. די תפילה פאַרבינדט דעם מענטשן מיט די העכערע ספערן פון דער ג־טלעכקייט. אַמאָל האָט זיך אויסגעדריקט אַ גרויסער גע־לערנטער מענטש, אַז „ווער עס האָט נישט געלערנט דעם קינד דעם גייסט פון אמונה, האָט ביי אים צוגענומען דעם אמתן טעם פון לעבן"...

עס הערשט היינט צו טאָג אַ שרעקלעכע צעמישונג אין דעם חינוך ווייל דער אמתער יידישער חינוך איז פאַרוואַסערט פון דעם אמתדיקן יידישן קוואַל, פון דעם עיקר החינוך, פון דער יידישער תורה וואָס איז תורת חיים. די קינדער קענען נישט ממשיך זיין מיט דעם אמתן יידישן לעבן, ווייל עס פעלט אין זייערע לימודים דער עיקר. עס פעלט די תורה, עס פעלט די משנה, עס פעלט די גמרא און דער רמב"ם וואָס אַנט־וויקלען די יידישע מחשבה, די יידישע ספרות, וואָס איז געשריבן געוואָרן דורך דעם „דם ואש ותמרות עשן" און זי איז געהייליקט געוואָרן דורך דער קדושת האומה. די נייע און מאָדערנע יידישע ביכער האָבן נישט קיין שייכות מיטן יידישן עבר און ממילא שאַפן זיי נישט קיין עתיד פאַר אונדזער יידישער יוגנט....

עברי אנכי ואת אלקים אני ירא — די עברי וואָס מען לערנט אין די מאָדערנע יידישע שולעס איז נישט דורכגעוויקט מיט יראת שמים און יסודי הדת און דערפאַר ווערט מיט דער צייט גאָרנישט פון אַזאַ „עברי". עבר־י — דער ייד איז נאָר זיכער ווען ער איז פאַרבונדן מיט דעם עבר, מיט אונדזער אַלטער און גלאָרייכער פאַרגאַנגענהייט, מיט דער קדושה פון אונדזער תורה און מיט דער הייליקייט פון אונ־דזער יידישן לעבן.

עס ווערט דערציילט אַז אַ קינד איז געשטאַנען אויף אַ טיש אויף וועלכן דער פאָטער זיינער פלעגט האַלטן ספרים און ער פלעגט אויך עסן אויף דעם טיש, ווען די ספרים זיינען אַראָפּגענומען געוואָרן פון אים. ווען דאָס קינד איז אַרויף אויפן טיש האָט עס זיך זייער שטאַרק צעשניטן די הענטעלעך מיט אַ מעסער. האָט דער פאָטער

געזאָגט: דער חטא איז מיינער, ווייל איך האָב דאָס קינד געלאָזט טרעטן אויף אַ טיש ווו עס ליגן ספרים.

אָבער נאָך פיל שטאַרקער און ערגער איז די זינד ווען אַ פאָטער לאָזט זיינע קינדער טרעטן אויף אַלע יידישע ספרים, אויף אַלע יידישע הייליקע ווערטן, אויף די ספרי קודש. די ווערטער פון ספרי הקודש, ווען תורה מונחת בקרן זוית ואין דורש להן, באַדייט, אַז די תורה ווערט פאַרוקט אין אַ ווינקל און די עלטערן קוקן זיך נישט אום אפילו אויף איר. אָט דאָס איז זייער טרויעריק און ווייטאָגלעך...

א"ל רב לרב שמואל ב"ר שילת כי מחית לינוקא לא תימחי אלא בערקתא דמסני. (גמ" ב"ב, ד" כ"א). די גמרא זאָגט, ווען דו שלאָגסט אַ קינד ביי דעם לערנען, זאָלסטו אים נישט שלאָגן, נאָר מיט אַ שוך־בענדל. מיר געפינען אויך אין די חז"ל אין מס" סנהדריך, אַז אויף אַלע עבירות, אויב מען נייט דיר, אַז דו זאָלסט עובר זיין אויף אַ געוויסער עבירה, אָדער ווען מען גייט דיר הרגענען כדי דו זאָלסט עובר זיין, זאָלסטו עובר זיין חוץ אויף דריי עבירות צוליב וועלכע מען מוז זיך אפילו לאָזן אומברענגען: עבודה זרה, גילוי עריות און שפיכת דמים. אָבער בשעת השמד, אין צייטן פון שמד, ווען רעגירונגען און שונאי ישראל ווילן צווינגען די יידן, אַז זיי זאָלן זיך שמדן, דאַן איז אפילו על ערקתא דמסני, דאַן מוז מען זיך לאָזן אומברענגען און נישט ענדערן דאָס שוך־בענדל. ווייל דאָס איז דער אָנפאַנג פון עבודה זרה.

דער מדרש זאָגט אין משלי י"ב: וחושך שבטו שונא בנו וכי יש לך אדם שהוא שונא את בנו אלא מתוך שאינו מוכיחו ומיסרו נקרא שונא. דאָס נוצן אַ רוט כדי צו שטראָפן אַ קינד איז נאָר דאַן נייטיק ווען עס רירט אָן די פּראָבלעמען פון דער מאָראַל און פון עטישן לעבן, אָבער נישט צוליב דער לערע. כי מחית, ווען דו שלאָגסט שוין יאָ דעם תלמיד, שלאָג אים נאָר ווען עס איז נוגע די פּראָבלעמען פון ערקתא דמסני, דעם יסוד פון דער אמונה און כדי ער זאָל פאַרשטיין די פּראָבלעמען פון יידישן גייסט מיט מסירת נפש, אַז ווען עס רירט אָן די יסודות פון דת, זאָל ער האָבן טאַקע מסירת נפש אפילו ביי ערקתא דמסני....

די גמרא זאָגט אין ב"ב ד" כ"א, אַז מען טאָר נישט נעמען אַ קינד לערנען פון איין בית הכנסת אין אַ צווייטן און אויך ווען עס איז דאָ אַ וואַסער טאָר מען אויך נישט, סיידן עס איז דאָ אַ בריק. ווען עס

איז דאָ אַ בריק איבערן וואַסער, מעג מען ברענגען דאָס קינד. די שטורעמדיקע וואַסערן קענען צעשטערן דעם געדאַנק פון לימוד התורה און מען טאָר אפילו נישט צונעמען דאָס קינד פון איין שול אין אַ צווייטער. אָבער ווען עס איז דאָ אַ בריק וואָס פאַרבינדט דעם תלמיד מיט דער קדושה פון לערנען און מיט די מידות טובות וואָס ער דאַרף לערנען, איז דאָס אַ גאַראַנטיע קעגן די ברויזענדע כוואַליעס פון די וואַסערן פון עם הארצות און גאָטלאָזיקייט.

די חז"ל זאָגן: ההוא דאתי לקמיה דר' יוחנן — א"ל דרוש רבי, לך נאה לדרוש כאשר אמרת כן ראיתי א"ל ריקא אלמלא לא ראית לא האמנת מלגלג על דברי חכמים אתה נתן עיניו בו ונעשה גל של עצמות. (ב"ב, ד" ע"ה). פאַרוואָס האָט אַזוי פאַרדראָסטן ר" יוחנן, אויב ער האָט געוואָלט זען די זאַכן וואָס ער גלויבט, אַז ער האָט געמאַכט פון אים אַ גל של עצמות, אַ בערגל ביינער? נאָר דער יסוד פון גייסט און פון דער אמונה איז פאַרבונדן מיטן גלויבן. דאָס וואָס מיר קענען זען מיט אונדזערע אויגן איז בלויז די פיזישע טייל פון דעם מענטשן. ווי דאָס פלייש און די ביינער. און אויב דעם מענטש פעלט אמונה, ווערט ער ממילא נאָר אַ גל של עצמות, נאָר אַ שטיק גשמיות, אַ פיזישער קערפּער אָן גייסט. אַזוי ווערט צעבראָכן זיין גאַנצער גייסטיקער טייל זיינער.

דאָס איז דער זין פון דער מיינונג „וצדיק באמונתו יחיה" — דער צדיק לעבט זיין לעבן מיט אמונה אין ג־ט. האמינו בנביאיו והצליחו (דה"י, ב', כ"). דאָס איז די גרעסטע הצלחה אין לעבן ווען אַ מענטש האָט אמונה און גלויבט אין דעם גייסטיקן לעבן וואָס איז העכער איבער אַלע פיזישע כוחות.

דער ראב"ד זאָגט: דער וואָס לערנט פילאָזאָפיע און תורה צוזאַמען אַ סך מאָל, איז דאָס געגליכן צו איינעם וואָס האַלט צוויי ליכט: די ליכט פון דת און די ליכט פון חכמה. ווייל דת איז פאַרבונדן מיט אמונה און דער שכל פון דעם מענטשן איז צו קורץ צו דערגרייכן די ליכט פון דת, ווי דער בעל שם טוב האָט געזאָגט, אַז אמונה איז דער כוח וואָס באַהעפט די נשמה צו ג־ט.

אין הגלויות מתכנסיות אלא בשביל אמונה. דער יידישער גלות קען אויסגעלייזט ווערן נישט מיטן מענטשלעכן שכל, נאָר דורך טיפער אמונה. דער שכל אַליין האָט נישט געבראַכט קיין גאולה נישט פאַר דעם מענטשן און נישט פאַר דעם יידן. דער שכל אַליין האָט פונקט

פאַרקערט, געבראַכט נאָר צרות און פאַרשקלאַפונג פאַר דער מענטשהייט און גלותדיקייט פאַר דעם יידישן פאָלק. דאקעגן די אמונה האָט אונדז אויסגעלייזט פון זייער פיל צרות און זי קען אונדז אויסלייזן אין דער צוקונפט פון גלות. די אמונה קען דעם מענטשן אויסלייזן פון אַלע פינצטערע ווינקעלעך פון זיין נשמה און ברענגען אַ ליכטיקייט אין זיין גייסט. מיט אמונה קען די מענטשהייט און דאָס יידישע פאָלק שפּאַנען צו אַ ליכטיקן מאָרגן...

אַ באַרימטער פּעדאַגאָג האָט דערקלערט, אַז ווער עס נעמט אַוועק רעליגיע פון די לימודים אין די שולעס, איז געגליכן צו דעם וואָס נעמט צו די זון פון הימל. די אמונה אין ג־ט איז דער ליכטיקער הימל פון אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן אויף דער ערד. אונדזער לעבן איז פאַרכמאַרעט און פאַרוואָלקנט ווען עס איז נישטאָ קיין אמונה. עס פעלן די זון־שטראַלן צו באַלייכטן די פינצטערניש און די פינצטערע ווינקעלעך פון דעם מענטשלעכן לעבן.

ישעיה הנביא זאָגט: הביאו בניך מרחוק ובנותיך מקצה הארץ (ישעיה, מ"ג) אונדזערע קינדער וואָס זיינען אַזוי ווייט גייסטיק פון אונדזער לעבן קענען מיר זיי צוריקברענגען נאָר מיט דעם כוח פון דער אמונה. מיר דאַרפן באַוויזן די קינדער אונדזערע דעם ווערט פון דת און אמונה. קיין שום פיזישער פאַרגעניגן קען נישט געבן דעם מענטשן אַזאַ מנוחת הנפש ווי דאָס גייסטיקע לעבן. די פיזישע פאַרגעניגנס אַליין ברענגען נאָר צרות און ביטערע פּראָבלעמען. דער מענטש פאַרלירט זיך אַליין און ער קען זיך נישט געפינען. ער ליידט פון אַ „פיזור הנפש" און האָט נישט קיין מנוחת הנפש.

דורך אַ גייסטיקן לעבן פון לערנען תורה און טאָן מצוות באַקומט דער מענטש אַן אינהאַלט און אַנהאַלט אין לעבן. ער ווערט דורך דעם דערהויבן צו הייליקייט, צו הימלדיקייט און די ערדישקייט אַליין באַהערשט אים שוין מער נישט.

אם יהי' נידחך בקצה השמים משם יקבצך ה' אלקיך ומשם יקחך. די תורה זאָגט, אַז אויב דו וועסט זיין פאַרשטויסן אין דעם עק פון דעם הימל, וועט דיר ג־ט פון דאָרט קענען צוריקברענגען. איז דאָ אַ פראַגע, פאַרוואָס שטייט געשריבן אין עק פון דעם הימל און נישט אין דעם עק פון דער ערד? נאָר דער ענטפער איז, אַז ווען אַ מענטש האָט נאָר אַ שטיקל הימל אין זיין האַרצן, איז ער פאַרבונדן גייסטיק מיט זיין שטורעמדיקן און ברויזנדן ערדישן לעבן, דאַן וועט ער קע־

נען קומען צוריק (טאָן תשובה) און ער וועט געפינען צוריק זיין מנוחת הנפש און ער וועט קענען לעבן אַ רואיקן און צופרידענעם לעבן.

אָט דאָס דאַרפן מיר געדענקען ווען מיר טראַכטן וועגן אונדזער חינוך הבנים. מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן, אַז מיט אמונה וועלן מיר זיי קענען געבן אַ שטאַרקן פונדאַמענט אין לעבן און אַפילו פון דעם עק פון דער ערד, אין דער ווייטער וויסטעניש, וועלן מיר קענען זיי דערנענטערן צו ג־ט און צו אונדז. די פילאָזאָפיע און דער ריינער שכל אַליין קענען דאָס קיינמאָל נישט באַווייזן. נאָר די תורה און די אמונה קענען דאָס באַווייזן צו טאָן מיט דעם מענטשן. די שיינע טעאָריעס פון שכל און פילאָזאָפיע רעדן נאָר צו דעם מוח פון מענטשן, אָבער נישט צו זיין האַרץ. די פילאָזאָפיע האָט נישט אויפגעהייבן דעם מענטשן צו הימלדיקייט, נאָר פאַרקערט — אים נאָך מער אַרונטערגעוואָרפן אין אָפּגרונט. עס זיינען דאָ מענטשן וואָס פילן, אַז דאָס לעבן איז פאַר זיי ווי אַ שטראָף, ווי געוויסע פילאָזאָפן האָבן זיך אויסגעדריקט. לאָמיר זען די ווערטער פון קהלת „יוסיף דעת יוסיף מכאוב" — אָבער דער סוף דבר איז פאַראַן אין די ווערטער פון תורה און אמונה ווו עס ווערט אָנגעזאָגט „את אלקים ירא ואת מצותיו שמור, כי זה כל האדם". דאָס מורא האָבן פאַר דעם רבונו של עולם, דאָס אָפּהיטן די מצוות, גיט דעם מענטשן אַ רואיקייט און מנוחת הנפש. נאָר אַזוי קען דער מענטש דורכגיין מיט רואיקייט די צעברויזטע כוואַליעס פון דעם לעבן.

דעריבער זאָגן אונדז קלאָר אונדזערע חז"ל: כל מי שיש בו אור תורה, אור תורה מחייהו. דער וואָס האָט אין זיך די ליכטיקייט פון דער תורה אין די פינצטערע נעכט פון דעם מענטשלעכן לעבן, דער האָט אַ ליכט אין די הענט און ער בלאָנדזשעט נישט אין דער פינצטערניש. די תורה מאַכט אים לעבעדיק און מונטער. ער קען לעבן צופרידן אויף דער וועלט און זיך צוגרייטן צום עולם הבא ווו עס איז פאַראַן כולו מנוחה.

אמר ר" אבא בר" כהנא: לא עמדו לאומות העולם פילוסופין כבלעם בן בעור וכאבינימוס הגרדי. נכנסו אומות העולם אצלו אמרו להם: יכולים אנו להזדוג לאומה זו? א"ל לכו וחזרו על בתי כנסיות ובתי מדרשות אם מצאתם שם תינוקת מצפצפים בקולן אין אתם יכו־לין להזדוג להם. (בר", פ" ס"ה). די פראַגע פון דער וועלט איז נישט לכלותן נאָר להזדוג לאומה זו. די אַלע נישט־יידישע פילאָזאָפן ברעכן זיך די קעפּ ווי אַזוי צו אַסימילירן די יידן כדי זיי זאָלן זיך אויסמישן

צווישן די אַנדערע פעלקער. אַזוי אַרום מיינט די וועלט, וועט זי מער נישט האָבן קיין פּראָבלעם מיט דעם יידישן פאָלק. אָבער זיי האָבן קלאָר פאַרשטאַנען, אַז כל זמן עס וועט זיין אַ יידישער חינוך און אַז כל זמן יידן וועלן לערנען תורה, וועלן זיי נישט קענען ברענגען קיין אַסימי־לאַציע צו די יידן.

אל תגעו במשיחי אלו תינוקות של בית רבן. דער כוח וואָס קען ברענגען משיחן פאַר דער יידישער וועלט און זיין גאולה איז נאָר מעג־לעך דורך די תינוקות של רבן.

בקש להתנמנם פרחי כהונא מכין לפניו באצבע צרדה ואומרים לו אישי כה"ג עמוד. (יומא) מיין רבי, מהר"ם שפּיראָ זצ"ל, האָט געטייטשט אַזוי: פיל מאָל דוכט זיך, אַז די גאַנצע יידישקייט וויל ווערן איינגעשלאָפן אין אַ לעטאַרגישן שלאָף און מען קען אַריינפאַלן זייער לייכט אין אַ פאַרצווייפלונג און מיינען, אַז דאָס יידישע גייסטיקע לעבן גייט ח"ו אונטער. קומען אָבער די יונגע כהנים, די יונגע תלמידי חכמים, די טויזנטער ישיבה בחורים און זאָגן צום כהן גדול, צו דעם יידישן מנהיג „עמוד", שטיי אויף, מיר וועלן דיר העלפן אויפלעבן און צוריק אויפוועקן די איינגעשלאָפענע. מיר וועלן העלפן אויפוועקן דאָס יידנטום פון זיין שלאָף און צוזאַמען וועלן מיר ווידער ברענגען אַן אויפלעבונג און אַ נייע יידישע גייסטיקע צוקונפט.

אל תקרא בניך אלא בוניך — די בויער פון דער יידישער היים און פון דער יידישער צוקונפט זיינען אונדזערע אייגענע קינדער, אויב זיי זיצן און לערנען תורה, די ישיבה בחורים. זיי ברענגען אַריין אַ נייעם לעבן און אַ נייעם גייסט פון אויפבוי אין אונדזער גייסטיקן לעבן.

# דער רמב״ם אין הלכה און דער רמב״ם אין מעדיצין

דער רמב״ם אין הלכה האָט זייער פיל משפּיע אויף דעם רמב״ם אין דער מעדיצין. די באַרימטע תפילה זיינע פאַר אַ דאָקטער איז פול מיט אמונה און גייסטיקער איבערצייגונג אין דער געטלעכער השפּעה אויף דער מעדיצינישער וויסנשאַפט. דער רמב״ם האָט שוין דאַן גוט פאַרשטאַנען ווי וויכטיק עס איז די ווירקונג פון דעם גייסטיקן לעבן און פון דער נשמה אויפן קערפּער. די נשמה און דער קערפּער זיינען אומצעטיילבאַר, ווייל זיי זיינען איינס, ווי דער רמ״א דריקט זיך אויס: קשר הקב״ה את הרוחניות בגשמיות, וזהו החכמה אשר יצר את האדם בחכמה.

דעם רמב״ם האָט פאַרשטאַנען, אַז אַלע פיזישע קראַנקהייטן האָבן אַ שטאַרקע ווירקונג אויפן גייסט פון מענטשן. דער רמב״ם האָט אָפּ־געגעבן זייער פיל צייט אויף פּראַקטיצירן מעדיצין און אויף צו שרייבן וועגן מעדיצינישע פּראָבלעמען. זיינע מיינונגען וועגן דער מעדיצין, וואָס ער זאָגט אַרויס אין „הלכות דעות״ און אין „יד החזקה״ זיינען נאָך שטאַרק אַקטועל ביז צום היינטיקן טאָג. היינט צו טאָג קענען נישט די מאָדערנע מעדיקער נישט נעמען אין אַכט די לערע פון רמב״ם מיט אַזוי פיל הונדערטער יאָרן צוריק. די מעדיצין פון די וועלטלעכע וויסנשאַפטלער ענדערט זיך כסדר, לויט די אומשטענדן פון דער צייט, פון אָרט, פון קלימאַט און אַזוי ווייטער.

די וויסנשאַפט פון די אַלטע גריכישע פונדאַמענט־לייגער פון דער מעדיצין, ווי היפּאָקראַטעס און גאלין האָבן דעם רמב״ם זייער שטאַרק אינטערעסירט, אָבער ער האָט נישט געקענט אָראָפּנעמען קיין מוסטער פון זיי, ווייל אים האָט מער אינטערעסירט צו פאַרבינדן דאָס גייסטיקע

מיט דעם פיזישן. ער האָט געלייגט זייער פיל האָפענונגען אויפן רופא חולים וואָס אין הימל, וואָס מוז זיין צוזאַמען מיטן מעדיקער און באַגלייטן אים ביי די קראַנקע. דער רופא פון דער ערד מוז נוצן דעם גייסט פון הימל, ווייל אויך אין דעם פאַל זיינען ביידע פאַראייניקט.

דער רמב"ם אין „הלכות דעות" (פ' ד') זאָגט, אַז אויב מען וויל, אַז דער קערפּער זאָל זיין געזונט, דאַרף דער מענטש גיין אין די וועגן פון ג־ט, ווייל מען קען נישט וויסן און פאַרשטיין פון ג־טס וויסנשאַפט, ווען מען איז ח"ו קראַנק. דעריבער דאַרף מען זיך דערוויטערן פון די זאַכן וואָס מאַכן אַ תל פון קערפּער און צוגעוווינען זיך צו זאַכן, וואָס שטאַרקן און מאַכן געזונט דעם קערפּער. און דאָס האָט דער רמב"ם געהאַט אין זינען, ווען ער האָט פאַרפאַסט זיין תפילה פאַר אַ דאָקטער, וואָס דער מעדיקער דאַרף זאָגן, איידער ער גייט באַזוכן אַ חולה. דאָס איז דער נוסח פון אַ טייל פון דער תפילה:

„איך פאַנג אָן מיין טעגלעכע אַרבעט, בעט איך ביי דיר, פאָטער אין הימל, זיי מיט מיר און העלף מיר אין מיין רצון צו היילן דעם קראַנקן, ווייל אָן דיר איז דאָך דער מענטש אַן אומבאַהאָלפן באַשעפעניש. העלף מיר, כדי איך זאָל קענען טאָן מיין אַרבעט מיט ליבשאַפט צו די מענטשן. זאָל דאָס באַוווסטזיין פון יאָגן זיך נאָך כבוד אָדער געלט זיין ווייט פון מיר, ווייל דאָס וואָלט געווען אַ שנאה צו רחמנות אויף מענטשן און איך טאָר נישט ליידן פון אַזאַ שנאה. העלף מיר ג־ט, אַז איך זאָל קענען איבערגעבן זיך מיט מיין קערפּער און נשמה צו דיינע קינדער וואָס ליידן יסורים.

גיב מיר כוח, אַז איך זאָל קענען צוריקברענגען די כוחות פון שטאַרקייט סיי צו דעם רייכן און סיי צו דעם אָרעמען, סיי צו דעם גוטן און סיי צו דעם שלעכטן, צו דעם פריינט און דעם שונא. הלוואי זאָל איך נאָר זען אין קראַנקן דעם מענטש און דעם ליידנדן. ווען קלוגע מענטשן וועלן מיר לערנען, זאָל איך האָבן דעם פאַרשטאַנד צו לערנען פון זיי. ווייל דער געדאַנק פון מענטש איז צו אָרעם און די אַרבעט פון היילונג איז אַזוי טיף, אַז איך דאַרף נאָך לערנען און לערנען. ווען נאַראָנים וועלן מיר לערנען, זאָל איך האָבן דעם מוט זיך נישט צוהערן צו זיי. לערן מיר ג־ט, פאָטער פון רחמנות, אַז איך זאָל שטענדיק זיין פול מיט רחמים צו די ליידנדע. זאָל קיינמאָל נישט קומען צו מיר דאָס געפיל, אַז איך קען שוין גענוג חכמה. גיב מיר שטאַרקייט און חשק צו פאַרגרעסערן כסדר מיינע קענטעניסן. דו האָסט מיר, מיט דיין חכמה, אויסגעקליבן צו אַכטונג געבן איבער

די לעבנס פון מענטשן, איבערן לעבן און טויט פון דיינע ברואים. איך בין גרייט צו דערפילן דיינע פארלאנגען. היט מיך און העלף מיך אין דער הייליקער ארבעט וואס איך וויל דורכפירן בשלימות. אמן!"

דער עיקר פון דער תפילה פון רמב"ם איז, אז דער דאקטער אליין און בלויז מיט פיזישע מיטלען קען נישט היילן א קראנקן מענטשן. דער קערפער גייט האנט ביי האנט מיט דער נשמה און מען מוז אויך אנקומען צו די גייסטיקע כוחות ביים היילן די חולאים. די גוטע מידות פון מענטשן שטעלט דער רמב"ם אוועק צוזאמען מיט די רפו־אות פארן קערפער, ווייל זיי דערגע־צן איינס דאס אנדערע. ווי דער רמב"ם דריקט זיך אויס: בעלי כעס חייהם אינם חיים. (פ"ב הלכות דעות).

דער רמב"ם האלט פון דעם שביל הזהב, פון דעם מיטלוועג. דער מענטש — לויט אים — דארף נישט גיין אויף עקסטרעמע וועגן. ער טאר נישט ווערן אין כעס, ווייל בעלי כעס טוען שלעכטס נישט נאר צו אנדערע, נאר נאך מער צו זיך אליין. דער רמב"ם האלט אויך זייער פיל פון שווייגן, ווען עס איז נישטא וואס צו רעדן. ער זאגט, אז דער מענטש דארף נאר רעדן קלוגע זאכן, אדער נייטיקע. „סייג לחכמה שתיקה". אין פ"ב הלכה א' זאגט דער רמב"ם, אז די מענ־טשן וואס זיינען קראנק אויפן קערפער שפירן זיסע זאכן פאר ביטער און ביטערע פאר זיס. עס זיינען דא קראנקע וואס האבן ליב צו עסן ערד, אדער קוילן, און נישט קיין ברויט און נישט קיין פלייש. וואס ערנסטער די קראנקהייטן זיינען, אלץ גרעסער זיינען די סימפטאמען פון די קראנקהייטן. דאס זעלבע פאסירט אויך מיט די גייסטיקע קראנק־הייטן. שמים חושך לאור. פון דער פינצטערניש מאכן זיי ליכטיקייט, ביטער פאר זיס און זיס פאר ביטער. און די רופאים דארפן ארויפירן די מענטשן אויפן גלייכן און גוטן וועג.

דער רמב"ם זאגט ווייטער אין הלכות דעות (פ"ד הלכה כ") אז דער מענטש וואס וועט פירן זיך לויט די פארשריפטן וואס דער רמב"ם לערנט אים, וועט קיינמאל נישט קראנק ווערן און אז ער וועט עלטערן זיך געזונטערהייט און זיין קערפער וועט פארבלייבן שטארק. דאס איז אויך די מיינונג פון רמב"ן אין פ" בחוקותי. „מה לרופא בבית הצדיקים". דער כוח פון קערפער איז געבונדן צוזאמען מיט דעם גייסט פון דער נשמה. א שטארקע נשמה גיט כוח דעם קערפער פון דעם געזונטן מענטש און א שטארקער קערפער גיט כוח דער נשמה.ביידע שאפן הארמאניש דעם כוח פון מענטשן. לויט דער

שיטה פון רמב"ם קומט אויס, אַז אויב דער מענטש פּייניקט זיין קערפּער, איז ער זינדיק, ווייל ער פּייניקט אויך זיין נשמה. היושב בתענית נקרא חוטא. דאָס פאַסטן פּייניקט די נשמה אַזוי גוט ווי דעם קערפּער, דעריבער איז דער מענטש זינדיק. פאַסטן כדי צו ברענגען מנוחה פאַרן מענטשן איז נישט קיין זינד, ווי אַ תענית חלום, ווען דער מענטש פאַסט, ווייל ער האָט געהאַט אַ שלעכטן חלום. צוליב דעם מעג ער אַפילו פאַסטן אום שבת, ווייל שבת דאַרף דער מענטש האָבן מנוחה. שבת איז דאָך יום המנוחה. אַזוי ווי דער שלעכטער חלום דערלויבט נישט דעם מענטשן צו האָבן מנוחה, מעג ער אַפילו פאַסטן שבת, כדי צו האָבן די נייטיקע מנוחה.

דער רמב"ם האָט געשעפּט זיין מעדיצינישע וויסנשאַפט און זיינע רפואות פון תלמוד. אין תלמוד פאַרנעמען פיל אָרט די מע־דיצינישע און וויסנשאַפטלעכע אָנווייזונגען. אונדזערע חז"ל האָבן מיט טויזנטער יאָרן צוריק שוין געוווסט וועגן פאַרשידענע מעדיצי־נישע כללים, וואָס זיינען היינט אַפילו ביי אונדז אַ נייעס. זיי האָבן שוין געוווסט וועגן מיקראָבן און וועגן דער אַנשטעקנדיקייט פון פאַר־שידענע קראַנקהייטן. די גמרא ברענגט אין שבת (ד' ק"ח ע"ב) אַז אַפּגעדעקטע פליסיקייטן ווערן שעדלעך, ווייל זיי ווערן אָנגעפילט מיט שעדלעכע מיקראָבן. די חז"ל זאָגן, אַז די לופט איז פול מיט מיקראָבן.

אין דער תורה ווערט שוין דערמאָנט, אַז מען דאַרף איזאָלירן דעם אַנשטעקנדיקן קראַנקן מחוץ למחנה. דאָס איז גערעדט געוואָרן וועגן די מענטשן וואָס ליידן פון אַנשטעקנדיקע הויט־קראַנקהייטן. ביי יידן צו פאַרנאַכלעסיקן בריאת הגוף איז אַ גרויסע עבירה. ושמרתם את נפשותיכם — שטייט אין דער תורה. מען דאַרף פאַרהיטן דעם גוף פון פאַרשידענע געפאַרן און פון קראַנקהייטן און היילן אים איז אַ נשמהדיקע מצווה. עס שטייט „נפשותיכם" און נישט „גופיכם", ווייל אַ געזונטער קערפּער קען במילא איינהאַלטן אַ געזונטע נשמה. ווי דער של"ה זאָגט „בהתחזק כוחות הגופניות תתחזק כוחות הנפ־שיות. ורפא ירפא, מכאן שנתנו רשות לרופא לרפות. די גמרא זאָגט אַז דער דאָקטער האָט אַ רשות צו היילן (ברכות ס"א) ווייל עס איז אַ מצווה צו ראַטעווען אַ מענטשן. דער רמב"ם מאַכט אַ חילוק צווישן אויסערלעכע אברים און אינערלעכע. אויף אינערלעכע דאַרף מען אַ רשות צו היילן, ווייל עס זיינען פאַראַן פאַרבאָרגענע קראַנקהייטן.

דער זוהר שרייבט, אַז יידן דאַרפן נישט אָננעמען די פאַלשע שיטה, אַז ווי באַלד ג־ט מאַכט קראַנק די מענטשן, דאַרף ג־ט זיי היילן. דאָס

איז אָנגענומען ביי אַנדערע סעקטעס און רעליגיעס. פאַרקערט, לויט דעם יידישן צוגאַנג איז אַ מצווה צו היילן די קראַנקע מענטשן און צו באַקעמפן די קראַנקהייטן. דער קריסטנטום, צום ביישפיל, נעמט אָן, אַז דער קערפּער איז שטענדיק זינדיק און אַז די נשמה פּירט שטענדיק אַ קאַמף קעגן דעם קערפּער, ווי דאָס האָט פאַרמולירט איינער פון די שעפערס פון דער קריסטלעכער רעליגיע: „אין מיין קערפּער איז קיין גוטס נישטאָ". ביי יידן איז פּונקט פאַרקערט. ווער עס פייניקט דעם קערפּער איז אַ זינדיקער. פון יעדע הונדערט מענטשן וואָס שטאַרבן, זאָגט דער ירושלמי (שבת, פ"י הלכה ב") זיינען ניין און ניינציק שולדיק אַליין אין זייער טויט. דער אָבות דר"נ ברענגט, אַז תלמידי חכמים ווערן באַשטראָפט אויב זיי גיבן נישט אַכטונג אויף זייער געזונט. אין סומכין על הנס במקום סכנה. (פסחים ס"ד) חמירא סכנתא מאיסורא. (חולין ד"י). דער רמב"ם ברענגט אויך, אַז אויב עמיצער ברענגט אויף זיך אַליין אַ סכנה, קומט אים מכות מרדות.

פיקו"נ דוחה כל עבירות שבתורה. וחי בהם ולא שימות בהם. די מצוות און די תורה דאַרפן ברענגען לעבן און נישט פאַרשאַפן דעם טויט. כדי צו ראַטעווען אַ מענטשנס לעבן מעג מען פאַרשוועכן דעם שבת, ווייל ווען דער מענטש וועט בלייבן לעבן, וועט ער קענען הייליק האַלטן אַ סך שבתים. פאַר אַ קראַנקן מעג מען אָנצינדן און פאַרלעשן דאָס ליכט אום שבת. מחלל שבת זיין צוליב ראַטעווען דאָס לעבן פון אַ קראַנקן איז נישט קיין עבירה.

# דער רמב״ם און זיין השפעה אויף דער וועלט

צווישן די גרויסע געשטאַלטן פון יידישן פאָלק איז קיין איינער נישט אַזוי שטאַרק פאַראייביקט געוואָרן ווי רבינו משה בן מימון, דער רמב״ם. ביי דעם תלמיד חכם איז דער רמב״ם אַ טייל פון זיין לעבן און ער פאַרטיפט זיך כסדר אין דער דערהויבענער טיפעניש פון דעם רמבמ״ס ספרים. אַפילו פשוטע יידן פון אַ גאַנץ יאָר זיינען באַיינפלוסט פון דעם רמב״ם און פון זיינע שלשה עשרה עיקרים, וואָס ער האָט פאַרפאַסט. דאָס זיינען פרינציפּן פון יידישער עטישער הייליקייט וואָס דערהויבן אַ מענטשן פון די ערדישע קליינינקייטן ביז צו די הויכקייטן פון די גייסטיקע הימלען. דאָס זיינען אייביקע ווערטער וועגן מידות, געטרייקייט צו ג-ט, גלויבן אין דער אייביקייט פון דער תורה און אין ביאת המשיח א.אַ.וו. וואָס האָבן געשפּילט גאָר אַ גרויסע ראָליע אין דער אויפהיטונג און אין דער גייסטיקער גאַנצקייט פון אונדזער פאָלק.

די תפילה פון אני מאמין דריקט אויס די גרויסקייט פון דעם רמבמ״ס יצירה, ווייל ער האָט באַוויזן צו אַריינדרינגען אין די מוחות און הערצער סיי פון דעם גרויסן גאון און סיי פון דעם דורכשניטלעכן יידן. דער רמב״ם אַליין דריקט זיך אויס אין זיין בריוו וועגן תחית המתים (אגרת תחית המתים) אַז יעדער קלאַס פון מענטשן דאַרף פאַרשטיין לויט זיינע באַגריפן און אַז מען דאַרף רעדן צו יעדן קלאַס מענטשן לויט זייער אייגענעם פאַרשטאַנד. אָט אין דעם ליגט דער שליסל צו דעם רמבמ״ס גרויסקייט.

צייטנווייז האָט דער רמב״ם זיך אויפגעהייבן צו דעם העכסטן שפּיץ פון זיין דענקען און צייטנווייז פלעגט ער זיך אַרונטערלאָזן צו

דעם ניוואָ פון אַ פשוטן מענטשן און צו זיין געדאַנקען־גאַנג, כדי אים צו געבן צו פאַרשטיין די גרויסקייט פון דער תורה און אים דערהויבן צו הויכקייטן. דער כוח פון אַרונטערלאָזן זיך ביי אַ גרויסן גייסטיקן מנהיג איז פונקט אַזוי גרויס און וויכטיק ווי דער כוח פון עליה. אַדאַנק דעם רמב״ם איז אין מיטלאַלטער אָנערקענט געוואָרן די אַריסטאָטעלישע שיטה אין דער אַלגעמיינער פילאָזאָפיע.

די פילאָזאָפן זיינען מיט דער מיינונג, אַז דער רמב״ם האָט גע־ווירקט אויפן גאַנצן געדאַנקען־גאַנג פון דער פילאָזאָפישער און מע־דיצינישער וויסנשאַפט. ער האָט געשאַפן אַ סינטעז פון די צוויי וויסנשאַפטן דורך אַריינדרינגען טיף אין זיי ביידע און אַנאַליזירן זיי שאַרפזיניק און קריטיש. דעם רמבמ״ס לערע אויף די געביטן פון פילאָזאָפיע און מעדיצין איז באַוווסט געוואָרן אויך אין דער ברייטער נישט־יידישער וועלט און זיינע ווערק זיינען איבערזעצט געוואָרן פון אַראַביש אין לאַטיין און אין אַנדערע שפּראַכן פון יענער צייט. אין זייער פיל אוניווערזיטעטן ווערן שטודירט די ווערק פון רמב״ם. אָבער די לערע פון רמב״ם וואָס האָט אַ שייכות צו חכמת ישראל און צו תורה־פּראָבלעמען איז געבליבן אין די ראַמען פון אונדזער פאָלק. לעצטנס איז אַרויס אין ישראל אַ ספר „רמב״ם לעם״. דאָס איז באמת זייער אַ שיינער און צוגעפּאַסטער נאָמען פאַר אַ זאַמלונג פון דעם רמבמ״ס ווערק פאַרן פאָלק, ווייל דער רמב״ם אַליין האָט שטענ־דיק געוואָלט, אַז וואָס מער יידן זאָלן זיך באַקענען און פאַרשטיין זיינע שאַפונגען. דער רמב״ם איז טיטולירט געוואָרן אין דער גרויסער וויסנשאַפטלעכער וועלט ווי דער גייסטיקער אַריסטאָקראַט, אָבער ביי אונדז, יידן, האָט דער רמב״ם אַן העכערן און גרעסערן טיטול אַלס לערער פון זיין פאָלק. זיין לערע איז נישט בלויז פאַר גרויסע גייס־טיקע ריזן, נאָר אויך פאַר די פשוטע מענטשן פון פאָלק. זיין גרויסע און נאָבעלע נשמה האָט דער רמ״ם אַוועקגעשאָנקען צו זיין פאָלק.

דעם „אגרת השמד" האָט דער רמב״ם געשריבן אין געהיים, זייענ־דיק באַהאַלטן אין אַ בוידעם־שטיבל אין דער מאַראָקאַנישער שטאָט פעז און זיין ציל דערביי איז געווען צו דערמוטיקן די פשוטע יידן וואָס האָבן אין יענער צייט איבערגעלעבט אַ שווידערלעכע צייט פון רדיפות און שחיטות, אונטער דער בלוטיקער הערשאַפט פון די מור־סולמענישע אַלמאהידן. די יידן זיינען דאַן געווען אויפן ראַנד פון פאַרצווייפלונג און אָפּהענטיקייט און דער רמב״ם האָט געוואָלט זיי טרייסטן און געבן אַ זין אין לעבן. ער האָט פשוט געשטעלט זיין

לעבן אין סכנה, ווייל ער איז געזוכט געוואָרן דורך דער מאַכמעדאַ־נישער מאַכט, וואָס האָט געוואָלט אים טויטן. טאַקע צוליב דעם וואָס ער האָט אָנגעשריבן דעם „אגרת השמד״, האָט ער געמוזט נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט אַריין און אַנטלויפן פון מאַראָקאָ.

דער רמב״ם איז שטענדיק געווען אויף דער וואַך פון די אינטע־רעסן פון זיין פאָלק אין אַלע זיינע לעבנס־תקופות. ער איז געווען פאַקטיש דער פּאָליטישער מנהיג פון די יידן פון יענער צייט אין מצרים. די ווערטער וואָס ווערן געזאָגט ביי יידן וועגן רמב״ם „ממשה עד משה לא קם כמשה״, מיינען נישט בלויז זיינע גרויסע גייסטיקע שאַפונגען, נאָר אויך זיין מסירת נפשדיקע טעטיקייט לטובת די אינטערעסן פון יידישן פאָלק אין מיטלאַלטער, גענוי ווי משה רבינו וואָס האָט זיך מקריב געווען פאַר זיין פאָלק. דער רמב״ם האָט געוואָלט אַז זיין פאָלק זאָל זיך ראַטעווען פון אַ גרויסער סכנה, אַזוי ווי משה רבינו האָט דאָס געוואָלט. מחינו נא מספרך אשר כתבת. דער רמב״ם האָט געוואָלט דערנענטערן דאָס פאָלק צו דער תורה, אָבער בכדי דאָס צו דערגרייכן האָט ער געוואָלט פריער דערנענטערן די תורה צו דעם פאָלק.

דער רמב״ם האָט געזען, אַז דער תלמוד בבלי, די הויפּט־גייסטיקע יצירה פון יידישן פאָלק און די קרוין פון דער שאַפונג פון די תנאים און אַמוראים פאַר געגניע 2 טויזנט יאָר צייט, איז געבליבן פאַר־שלאָסן פאַקטיש פאַר דער מערהייט פון פאָלק, צוליב די שווערע געדאַנקען פון אונדזערע חכמים. דעריבער האָט דער רמב״ם געהאָט דאָס געפיל, אַז די לערנער פון דער תורה ווערן אַלץ ווייניקער און ווייניקער און עס דראָט די סכנה, אַז דאָס פאָלק זאָל פאַרגעסן די תורה, אָן תורה איז דעם מענטשנס לעבן גאָרנישט ווערט — האָט דער רמב״ם זיך אויסגעדריקט. „כל מבקשיה וחכמיה בלא תורה כמתים הם חשובים״ (רמב״ם הלכות מכות). דעריבער האָט ער געווידמעט אַלע זיינע גייסטיקע כוחות און זיינע טיפע קענטענישן אויף צו עפענען די שלעסער מיט וועלכע עס זיינען געווען פאַרשלאָסן די אַלטע אוצרות פון אונדזער וויסן. ער האָט דאָס געטאָן מיט זיין מעטאָדישקייט און באַהאַוונטקייט אין פּעדאַגאָגיע אויף זייער אַ מוס־טערהאַפטן וועג. דעריבער האָט ער אויך געשריבן אַ גרויסן טייל פון זיינע באַרימטע ווערק אין „פּרעמדע״ שפּראַכן. ער האָט, צום ביישפּיל, זייער פיל געשריבן אין אַראַביש אַפילו קעגן זיין אייגענעם ווילן און נאָר דערפאַר, כדי דאָס פשוטע פאָלק זאָל אים גוט פאַר־

שטיין. אַראַביש איז אין יענער צייט געווען די אומגאַנגס־שפּראַך פון די יידישע מאַסן אין דרום־אייראָפּע און צפון־אַפריקע, ווי אויפן גאַנצן נאָענטן אָריענט בכלל.

זיין ערשטע שאַפונג, דער פּירוש המשניות להרמב"ם, וואָס ווערט אויך אָנגערופן „ספר המאור", ווייל ער באַלויכט די אויגן פון אומ־ווּיסנדע מענטשן, גיט צו פאַרשטיין די טיפקייט פון דער משנה, וואָס איז דער יסוד פון תלמוד בבלי און ירושלמי. אין דעם ספר האָט דער רמב"ם באַוויזן זיין גרויסקייט און זיין כוח צו אַריינברענגען ליכט אין די לאַבירינטן פון תלמוד און אַרויסצוברענגען פון זייערע טי־פענישן די שענסטע פּערל אויף צו באַרייכערן דעם מענטשלעכן גייסט. עס איז באמת צו באַוונדערן ווי אַזוי דער רמב"ם האָט געקענט שאַפן אַזוי פיל און גייסטרייך טראָץ דעם וואָס ער איז אַזוי אָפט געווען נע ונד און האָט געליטן אַזוי פיל יסורים צוליב דעם גורל פון זיינע ברידער. כדי צו שאַפן אַזעלכע ווערק דאַרף מען דאָך האָבן זייער פיל מנוחת הנפש און מנוחת הגוף. דער רמב"ם האָט געשריבן זיינע ספרים אויפן צעשטורעמטן ים און אונטער שוואַרצע און פאַרכמאַרע־טע הימלען, אויף אַ קליין שיפל וואָס האָט אים געפירט קיין ארץ ישראל. פאַרענדיקט האָט ער זיין באַרימטן ספר אין מצרים. נאָכדעם האָט דער רמב"ם פאַרפאַסט זיין ספר „היד החזקה", משנה תורה. דאָרט דערקלערט דער רמב"ם, אַז כדי צו פאַרשטיין די הלכה פון תלמוד דאַרף מען האָבן דריי זאַכן: ברייטן פאַרשטאַנד, מנוחהדיקן נפש און אַ סך צייט. און ווייל די צרות זיינען געווען אַזוי גרויס און ווייל יידן האָבן געהאַט זייער ווייניק צייט, האָבן גרויסע טיילן פון יידישן פאָלק נישט פאַרשטאַנען דעם אינהאַלט פון תלמוד. דער ציל פון רמב"ם איז געווען צו אויפהויבן דעם גייסט פון פאָלק אין זיינע שווערע מאָמענטן, עפענען ברייט די טירן פאַר אַלע יידן, כדי זיי זאָלן פאַר־שטיין דעם תלמוד און אַלע שיכטן פון פאָלק זאָלן אים קענען לערנען, אַלע, קליין און גרויס.

עס איז אינטערעסאַנט ווי דער רמב"ם דריקט זיך אויס אין הלכות שופר, אַז מפּני אורך הגלות ותוקף הצרות נשתכחה ההלכה מאי הוא התרועה ילילי יליל או גנוחי גנח. דאָ באַווייזט זיך דער רמב"ם מיט זיין צוגאַנג צו דער הלכה. ער באַמערקט, אַז דער גלות האָט געמאַכט פאַרגעסן אַזאַ הלכה ווי גנוחי גנח אָדער ילולי יליל. דאָס הייסט וועלכער איז דער קרעכץ ביים בלאָזן שופר, צו גנוחי גנח, אַ טיפער קרעכץ, אָדער אַ געוויינלעכער קרעכץ. דער גלות איז דאָך פול

מיט יידישע קרעכצן און דער רמב"ם האָט דאָ דערביי געהאַט אַ טיפן מיין. ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען דעם געפיל פון גלות און די ווירקונג פון גלות אויף דער הלכה.

רש"י זאָגט אין מס' ר"ה (ד' ל"ג) אַז גנוחי גנח מיינט כאָדם הגונח מלבו.

ווי דער מענטש קרעכצט אויף זיינע צרות. דאָס הייסט קערפּער־לעכע צרות אוןליידן. און אויף ילולי יליל זאָגט רש"י כאָדם הבוכה על צרותיו. גנוחי גנח מיינט דער קרעכץ אויף דעם גייסטיקן לעבן, אויף די גייסטיקע ליידן וואָס דאָס יידנטום ליידט אין די לענדער פון גלות. און דער טייטש פון ילולי יליל — על צרותיו — מיינט ווען דער מענטש קרעכצט אויף זיינע פיזישע צרות. מיר מאַכן דורך פאַרשידענע גלותן. עס איז דאָ אַ גייסטיקער גלות און עס איז פאַראַן אַ פיזישער גלות. דער קערפּער פון יידנטום ווערט געפּייניקט דורך די צוויי גלותן. אין אַ גייסטיקן גלות ווערט געפּייניקט די יידישע נשמה און אין פיזישן גלות ווערט געפּייניקט דער יידישער קערפּער. די גייסטיקע יסורים מיינען די פאַרשידענע צרות וואָס מיר האָבן צוליב חילול שבת, צוליב פעלן פון כשרות און צוליב גזירות קעגן אונדזער דת וואָס אונדזערע ביטערסטע שונאים האָבן צוגעטראַכט אין גלות. דער שופר דאַרף אונדז דערמאָנען אין די צוויי סאָרטן פון גלות, סיי אין דעם פיזיש־קערפּערלעכן און סיי אין דעם גייסטיקן. דער שופר דאַרף אַרויסברענגען פאַרן רבונו של עולם ביידע סאָרטן קרעכצן פון אונדזער פאָלק וואָס ליידט. עס דאַרף קומען צום אויסדרוק סיי דער פיזישער קרעכץ און סיי דער גייסטיקער.

דער רמב"ם לאָזט ממש נישט דורך קיין איין ווינקעלע פון מענטש־לעכן לעבן און איבעראַל גיט ער זיינע אָנווייזונגען און לערעס. ער נעמט אַרום דעם פּערזענלעכן לעבן אין אַלגעמיין, דאָס פאַמיליע־לעבן פון יעדן מענטשן, די באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש און צווישן מענטש און דער געזעלשאַפט. ער רעדט וועגן די פליכטן פון די יידן צו די מדינות ווו זיי וווינען און וועגן דינא דמלכותא דינא. אויך וועגן די פליכטן פון דער מדינה צו אירע בירגער. „משנה תורה" האָט פערצן ספרים כמנין „יד החזקה" און נעמט אַרום ניין הונדערט צוויי און אַכציק קאַפּיטלעך און פילע טויזנטער הלכות. דער רמב"ם נעמט אַרום אַלע גייסטיקע שאַפונגען פון אַלע חכמים וגאונים ביז זיין דור.

דער רמב"ם האָט געהאַט אַ געוואַלטיקע בענקשאַפט צו דעם לאַנד פון די נביאים און ער האָט דאָס אויסגעדריקט נישט בלויז מיט תפילה און שירה ווי ר' יהודה הלווי און ר' שלמה אלקבץ, נאָר אויך דורך אַ קאָדעקס פאַר מלכות ישראל, אין פאַל ווען עס וועט קומען די צייט און מיר וועלן זוכה זיין צו דער אויפריכטונג פון אַ נייער ידישער מדינה אין ארץ ישראל.

די גאולה־שטרעבונג פון רמב"ם איז נישט געווען קיין אַבסטראַקטע אָדער אַ רייך־וויזיאָנערישע פאַר דער ווייטער צוקונפט. ער האָט באמת געפילט דורך דעם אני מאמין בביאת המשיח און אף על פי שיתמהמה בכל זה אחכה לו בכל יום שיבוא — די טריט פון גואל. ער האָט געזונגען אויף אַ פרעמדן באָדן דאָס געזאַנג פון גאולת ישראל, אַ געזאַנג נישט פון פראַזן און פּאָעטישע אויסדרוקן, נאָר אַ געזאַנג דורך אַ פּראַקטישן קאָדעקס פאַר דער קומענדיקער ידישער מלוכה, כדי צו רעגולירן דאָס גאַנצע עפנטלעכע לעבן פון דער מדינה און פאַרבינדן דעם געדאַנק וועגן דער מלכות ישראל מיט דער הערשאַפט פון מלכות שדי, אַ וויזיע פון אחרית הימים וואָס קען נאָר קומען דורך דעם וואָס די בירגער פון דער קומענדיקער מדינה וועלן זיך פירן מיט שלמות הנפש און עטישער דערהויבנקייט אַפילו אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן.

דער רמב"ם האָט שטענדיק געזאָרגט פאַר כלל ישראל און פאַרן יחיד פון עם ישראל. ער האָט געוווסט, אַז זייער פיל מאָל קען דער יחיד נישט מיטגיין און נישט צופּאַסן זיך צום רשות הרבים, נאָר ער מוז גיין אין זיין אייגענעם רשות היחיד. אַט דערפאַר האָט דער רמב"ם צוגעגרייט דעם „מורה נבוכים", כדי צו ווייזן דעם ריכטיקן וועג פאַר דעם יחיד. און דער רמב"ם דריקט זיך אויס אין דער הקדמה, אַז „דער ספר איז אַ וועג פון לעבן פאַר דעם יחיד וואָס זוכט אַזאַ וועג". אָבער דער „יד החזקה" איז פאַרן כלל ישראל און כדי צו לערנען דאָס פאָלק זיינע הלכות.

די וועגן וואָס פירן צו אמונה זיינען פאַרשידענע. עס זיינען פאַראַן גלייכע וועגן און עס זיינען פאַראַן זיגזאַגישע וועגן, וואָס זיינען גורם אַז דער מענטש זאָל בלאָנדזשען און זאָל אַזוי לייכט נישט קענען געפינען קיין גלייכן וועג. עס זיינען דאָ וועגן וואָס זיינען פאַרבונדן מיט גרויסע סכנות. דער גלייכער און בעסטער וועג איז דער וועג פון מצוות און מעשים טובים. דאָס איז דער וועג אויף וועלכן די חז"ל זאָגן „אדם שהוא מהלך באפלה ונר בידו ניצל מן

הדברים המזיקים בדרך". דאָס ליכט פון דער תורה ומצוות ווייזט דעם ריכטיקן וועג, כדי דער מענטש זאָל נישט אַריינפאַלן אין זיין גאַנג.

דער רמב"ם פאָדערט נישט פון דעם איינפאַכן מענטשן, אַז ער זאָל זיך דערהויבן העכער ווי זיין שכל קען דערגרייכן. ער פאָדערט נאָר, אַז דער מענטש זאָל אַנטוויקלען אין זיך פעאיקייטן כדי צו אויסנוצן זיין שכל אויף ווי ווייט מעגלעך. דער רמב"ם ברענגט אין ספר המדע זיין שיטה וועגן „שביל הזהב". דאָס דאַרף זיין דער ברייטער און אויסגעטראָטענער וועג פאַר דעם מענטשן וואָס וויל טאָן גוטס און יושר. דאָס איז דער מיטל וועג אין לעבן, אָן עקסטרעמען, דער וועג פון זיכערקייט. אויף דעם וועג קען דער מענטש שטעלן זיכערע טריט. ליידער אָבער זיינען פאַראַן זייער פיל מענטשן וואָס גייען אין אַנדערע וועגן און וואָס קלייבן בעסער אויס דעם וועג פון מאַטעריאַליזם, געיעג נאָך כבוד און געלט. אַנשטאָט דעם „שביל הזהב" קלייבן זיי אויס דעם „עגל הזהב" און מיינען, אַז דאָס בעסטע אין לעבן איז אָנקלייבן מאַטעריעלע גיטער. מיט דעם שביל הזהב מיינט דער רמב"ם דעם גאָלדענעם וועג וואָס פירט דעם מענטשן ווייט פון מאַטעריעלע גלוסטונגען און ווייט פון שלטון פון יצר הרע. נאָר דער שביל הזהב קען דעם מענטשן דערווייטערן פון שלעכטע וועגן און אַרויפירן אים אויפן דרך המלך פון גוטס און מצוות.

דער רמב"ם זאָגט, אַז נאָך אַלע שכלדיקע באַווייזן, נאָך אַלע גרויסע פילאָזאָפישע געדאַנקען, מוז דער מענטש זיך אָנשפאַרן אויף דעם גייסט פון דער אמונה, מיט וועלכן די נביאים האָבן אונדז געעפנט די אויגן. נאָר אויב דער מענטש פאַרבלאָנדזשעט אין זיין וועג, איז דאָ פאַר אים דער „מורה נבוכים" און דער ספר לערנט די פאַרבלאָנדזשעטע, ווי אַזוי זיי זאָלן געפינען דעם ריכטיקן וועג צו ג־ט און צו זיין תורה.

# דער תורה־צוגאַנג צו פּסיכאָאַנאַליז און די רעליגיעזע פּסיכאָלאָגיע

פּראָפ. זיגמונד פרוידס טעאָריע וועגן פּסיכאָאַנאַליז איז גאָר אַ גרויסע דערשיינונג אין מענטשלעכן לעבן. די טעאָריע וועגן פּסי־כאָאַנאַליז איז געקומען מיט איבערראַשנדיקע און ממש רעוואָלוציאָ־נערע רעוועלאַציעס וועגן לעבן פון מענטש. וועגן זיינע חלומות און וועגן זיינע גייסטיקע אומרוען.

די פּסיכאָ־אַנאַליטישע באַציאונג צו רעליגיע איז אַ נעגאַטיווע, אָבער עס איז כדאי אַז מיר זאָלן אַריינבליקן אין דער טעאָריע און אָנווייזן אויף אירע פּאָזיטיווע נעגאַטיווע זייטן.

לויט דער טעאָריע פון זיגמונד פרויד קומט אויס, אַז דער מענטש איז נישט קיין גייסטיקע איינהייט, נאָר פּשוט אַ מעכאַנישע כלי, נישט קיין מאָראַלישע פּערזענלעכקייט, נאָר אַ ריין פיזישע באַשעפעניש. לויט פרוידן ווערט דעם מענטשנס לעבן געטריבן ווי אַ מאַשין פון ריין־פיזישע און ביאָלאָגישע כוחות און דער וויכטיקסטער כוח איז דער סעקסועלער דראַנג. די טעאָריע איז געבויט אויף דער השערה, אַז דער מענטש ווערט באַלד געבוירן מיט סעקסועלע נייגונגען און אינסטינקטן. נאָך אַפילו ווען דאָס קינד זויגט פון דער מוטערס ברוסט, האָט עס שוין עראָטישע נייגונגען. נאָכדעם קומט דאָס קינד צו דער עדי־פּוס־פּאַזע, ווען ס'ווערט פאַרבונדן מיט איין צד פון זיינע עלטערן. ביי איינעם אַנטוויקלט זיך אַ געפיל פון ליבע צו דער מוטער און פון האַס צום פאָטער און פאַרקערט. עס זיינען דאָ קינדער וואָס ווילן האָבן די גאַנ־צע ליבע פון דער מוטער פאַר זיך און זיי קענען ניט פאַרטראָגן, ווען די מוטער האָט ליב דעם פאָטער. ער האָט מורא פאַר אַזאַ קאָנקורענץ און אין האַרצן איז ער אַפילו גרייט צו אומברענגען דעם פאָטער

צוליב דעם. אָבער די מורא שאַפט ביי דעם קינד אונטערדריקטע גע־פילן, ווייל ער האָט מורא פאַר דער אויטאָריטעט און פאַרן כוח פון דעם פאָטער.

אין דער אמתער רעליגיעזער פילאָזאָפיע איז דאָס גאָר נישט קיין נייעס. לויטן רעליגיעזן צוגאַנג צו די געפילן און שטימונגען פון קינד קומט אויס ווי דוד המלך האָט געזאָגט: ובחטא יחמתני אמי. עס שטייט געשריבן, אַז משעה שנברא מיד, יצר נולד עמו. דער יצר הרע ווערט גלייך געבוירן מיט דעם מענטשן און דאָס קומט צום אויסדרוק דורך דער סעקסועלער טרייב־קראַפט, וואָס זיגמונד פרויד דערמאָנט אין זיין טעאָריע.

מיר גלויבן אָבער אין דער מענטשלעכער מאָראַל, דאָס הייסט אין דעם יצר טוב, וואָס קומט ערשט צום קינד ווען עס ווערט עלטער. מיר גלויבן, אַז דאָס קינד ווען עס ווערט אַלט 13 יאָר, ווען עס ווערט בר מצוה, נעמט אויף זיך דעם חוב פון מצוות און פון מאָראַלישער עטיק.

לויט פרוידן קומט אויס אַז דער עגאָ און דער סופּער־עגאָ זיינען די הויפּט־אינסטינקטן ביים מענטשן און זיי זיינען אָפט הייהשע איב־סטינקטן. דער מענטש וויל עסן, דער מענטש וויל ליבע, ער וויל נאָך אַ סך און ווייל ער קען דאָס אַלץ נישט באַקומען, ווייל ער קען נישט באַפרידיקן אַלע זיינע אינסטינקטן, לאָזט ער אין גאַנג זיין עגאָ און סופּער־עגאָ כדי צו דערגרייכן וואָס ער וויל נישט איבערקלייבנדיק קיין מיטלען. דער שכל איז ביים מענטשן נישט גענוג שטאַרק צו קענען האַלטן אין צוים די חיה וואָס שטעקט אין זיין האַרצן און אין זיין מוח. די דאָזיקע חיה פירט אַן אונטערערדישן קאַמף אין הינטער־באַוווסטזיין פון מענטשן. פרויד האַלט, אַז מען דאַרף ווייניקער אונטער־דריקן די חיה אין מענטשן, האָבן מער רעספּעקט פאַר דעם „איך", דאָס הייסט מער נעמען אין אַכט דעם יצר הרע, און האָבן ווייניקער רעספּעקט פאַרן „סופּער־עגאָ", וואָס דאָס מיינט פאַר דעם יצר טוב. אַז די מאָראַל קען ענדערן דעם מענטשן און שאַפן פאַר אים פרייד אין לעבן, האָט פרויד נישט געגלויבט.

דער יידישער צוגאַנג איז אַן אַנדערער. מיר גלויבן, אַז מען קען צוימען דעם יצר הרע. לעולם ירגיז אָדם יצר טוב על יצר הרע. נצחו מוטב ע"י התורה ואם לאו יקרא קריאת שמע ואם לאו יזכיר לו יום המיתה....

זיגמונד פרוידס אַ תלמיד, אַלפרעד אַדלער, האָט נישט געגלויבט אין דער טעאָריע פון זיין רבין און ער האָט געזאָגט, אַז עס איז טאַקע אמת, אַז אין די קינדער־יאָרן האָט דער מענטש דעם געדאַנק פון יצר הרע, אָבער ווען דער מענטש ווערט עלטער און זעלבסטשטענדיקער, קומט זיין „איך" צום קאָנטראָל אין זיין לעבן און עס קומט פאַר אַ שווערער קאַמף צווישן גוטע און שלעכטע אינסטינקטן. דאָס שפּילט אַ גרויסע ראָליע און האָט אַ גרויסע ווירקונג אויפן מענטשלעכן כאַ־ראַקטער. דער קאָמפּלעקס פון אינפעריאָריטעט שאַפט זיך ביי דעם קינד, ווייל ער מוז שטענדיק אָנקומען צו זיינע עלטערן נאָך הילף. ער קריגט אַ דראַנג זיך צו באַפרייען פון דער השגחה און פון דער אויפפּאַסונג פון די עלטערן איבער אים.

דער יידישער צוגאַנג צו דער פּסיכאָלאָגיע איז, אַז דער מענטש איז שטענדיק אומרואיק, ווען עס ווערט אונטערדריקט אין אים דאָס גוטע און דאָס אידעאַלע. אונדזער געוויסן פּראָטעסטירט ווען עס ווערט אונטערדריקט דער יצר טוב. דער מענטש וויל זיין גוט, אָבער דער יצר הרע לאָזט נישט. דעריבער פילט זיך דער מענטש שולדיק. מיר האָבן געוויינלעך זייער גרויסע און שיינע אידעאַלן, אָבער דער מענטש פאָלגט זיי נישט אויס, ווייל מיר האָבן נישט דעם כוח צו קענען לעבן לויט די אידעאַלן. די גייסטיקע קראַנקהייט איז אַ רעזולטאַט פון טיפע מאָראַלישע קאָנפליקטן אין דער נשמה פון מענטשן. דער מענטש איז נישט צופרידן מיט זיך אַליין און מיט זיינע מאָראַלישע דערגרייכונגען. דער וועג צו דערגרייכן נאָרמאַלקייט אין אַזאַ פאַל ליגט אין טאָן מעשים טובים און אין אַ רעליגיעז־אידעאָלאָגישן לעבן. מעשים טובים און מצוות, זיינען דער פונדאַמענט פון דער רעליגיעזער פּסיכאָלאָגיע.

זמירות היו לי חוקיך. די געזעצן פון גאָט ברענגען אַריין רואיקייט און געזאַנג אין דער נשמה פון מענטשן. דעם אמת האָבן שוין איינ־געזען זייער פיל מאָדערנע פּסיכאָלאָגן. זיי האָבן זיך שוין איבערצייגט, אַז דורך גוטע מעשים פאַר זיך און פאַר דער וועלט קען דער מענטש באַהערשט ווערן דורך אַן אינערלעכער גייסטיקער פרייד און סאַטיס־פאַקציע. דאָס ברענגט אויך צו גייסטיקער שלווה און דערהויבנקייט. ווען נישט די שמחה און די פרייד פון דער תורה, וואָלט דער מענטש פאַרלוירן געגאַנגען אין פיין און אין טיפן קאָשמאַר פון לעבן. דאָס איז דער זין פון פּסוק לולי תורתך שעשועי אז אבדתי בענייי, (תהילים).

די חלומות וואָס זיגמונד פרויד האָט אַרויסגעהייבן אַלס זייער וויכטיקער ענין אין זיין לערע און אַז זיי האָבן זייער אַ וויכטיקע

באַדייטונג פאַר דעם הינטער־באַוווסטזיין פון דעם מענטשן, זיינען אויך שוין דערמאָנט אין אונדזערע הייליקע ספרים. פרויד זאָגט, אַז די חלומות קענען האָבן אַ גרויסע באַדייטונג אויף צו פאַרשטיין די נשמה פון דעם מענטשן און דעריבער דאַרף דער פסיכיאַטער לייגן פיל אַכט אויף די חלומות פון זיין פּאַציענט, דורך די חלומות קען מען אַריינדרינגען טיפער אין די געדאַנקען און אין די אינערלעכע קאָנפליקטן פון דעם קראַנקן וואָס ליידט פון גייסטיקע שטערונגען, ווי אויך אין זיינע פּראָבלעמען פון אינטימן כאַראַקטער. דער פּאַציענט איז געוויינלעך שעמעוודיק און ווען ער פילט זיך אין אַן אומרואיקן גייס־טיקן צושטאַנד גיט ער נישט איבער געגוי דעם דאָקטער וואָס מיט אים איז. דער הינטער־באַוווסטזיין אַרבעט אין אים און אין חלום קומט ער פריי צום אויסדרוק. אין חלום איז דער מענטש דרייסט און ער טוט אַלע זאַכן, וואָס ער וואָלט קיינמאָל נישט געטאָן אין דערווירקלעכקייט. אַלץ וואָס דער באַוווסטזיין דערלאָזט נישט קען דער מענטש „טאָן" אין זיין הינטער־באַוווסטזיין. דעריבער קומט אויס, אַז אין חלום איז דער פּאַציענט זיך מתוודה און דאָס איז פאַר דעם פסיכיאַטער די אמתע אָפּשפּיגלונג פון דעם פּאַציענטס נשמה.

אָבער די געשטאַלטן וואָס מען זעט אין אַ חלום זיינען נאָר סימ־באָלישע. אין תנ"ך ווערט דאָס אָנגערופן „פּתרון", אַ רעטעניש וואָס דאַרף באַשיידט ווערן און ווערן אויסגעטייטשט ווי געהעריק. די חלומות באַשיצן דעם מענטשלעכן שלאָף. ווען מיר געפינען זיך אין הויז און מיר הערן אַ שטאַרקן קנאַק, מיינען מיר אָפּטמאָל, אַז דאָס איז אפשר אַ שאָס פון אַ רעוואָלווער. מיר זיינען זייער אומרואיק, אָבער ווען מיר דערוויסן זיך, אַז דאָס איז געווען דער טראַסק פון אַ ראָד פון אַן אויטאָ וואָס האָט געפּלאַצט באַרואיקן מיר זיך. מיר ציען אַרויף אין שלאָף אַ פאַרהאַנג אויפן געדאַנק וואָס באַאומרואיקט אונדז. למשל, ווען עס רעגנט שטאַרק, אָדער עס בלאָזט אַ שטורעמדיקער ווינט, ווען דער מענטש שלאָפט, קען דער חלום אים שאַפן די אילו־זיע, אַז ער שפּאַצירט אין זייער אַ שיינעם וועטער ביים ברעג ים און עס בלאָזט אַן אָנגענעם ווינטעלע פון די כוואַליעס פון די וואַסערן. דאַן איז באמת פשוט אַ שאָד, ווען דער מענטש כאַפּט זיך אויף אַזוי גיך פון זיין שלאָף....

פרויד האַלט אויך, אַז אַלץ וואָס פּאַסירט מיט אונדז אין די חלו־מות האָבן מיר אין דער אמתן דערוואַרט און געהאָפט אויף דעם. לויט אים קומט אויס, אַז אַ חלום איז אַ דערפילונג פון אַ ווונטש.

למשל, עס האָט זיך געחלומט אַ מוטער, אַז זי האָט אַרויסגעוואָרפן איר קינד דורכן פענצטער. נאַטירלעך איז דאָך נישט מעגלעך, אַז אַ מוטער זאָל ווען עס איז האָבן אַזאַ ווונטש דאָס צו טאָן. אָבער דאָס פאַרענטפערט פרויד מיט דעם וואָס עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז די זעלבע מוטער, וואָס האָט אַזוי שטאַרק ליב איר קינד, פילט ערגעץ טיף אין איר הינטערבאַוווסטזיין אַ כעס אויפן קינד, וואָס צווינגט איר צו זיין צוגעבונדן צו איר הויז ווי אַ דינסט און לאָזט איר זייער אָפט נישט שלאָפן אין די נעכט. אָדער עס קען אויך פאַסירן, אַז דאָס קינד איז למשל ענלעך צו איר מאַן, וועמען זי האָט ניט איבעריק ליב. אין באַוווסטזיין וועט דאָס קיין מוטער נישט טאָן און זי וועט אַפילו נישט טראַכטן דערפון, אָבער אין איר הינטער־באַוווסטזיין ווערט איר גע־דאַנק פריי און קומט צום אויסדרוק.

חלומות ווערן אויך באַאיינפלוסט פון דער אינטעליגענץ פון מענטשן. די חלומות הייבט צו טאָג זיינען געננוי די זעלבע ווי מיט טויזנטער יאָרן צוריק. מענטשן חלומען, אַז זיי פאַלן אַרונטער פון אַ גרויסן און הויכן בנין, ווי צום ביישפּיל פון מגדל בבל. דאָס קען אַמאָל זיין אַ וואָרענונג פאַר אַ מענטשן. למשל, עס האָט זיך איינעם געחלומט, אַז ער האָט אויסגעגעבן דאָס גאַנצע געלט און אַז ער האָט נישט געהאַט קיין פּרנסה. דאָס איז אַ מוסר־חלום וואָס וואָרנט דעם מענטשן, אַז ער זאָל זיך פירן שפּאָרזאַמער. ווען איינער איז נישט קיין פּינקטלעכער קען זיך אים חלומען, אַז ער האָט פאַרלאָרן זיין שטעלע א. א. וו.

ביי חלומות קען אַמאָל פאַסירן, אַז זיי זאָלן זיין פול מיט קאָנ־טראַסטן, סיי גוטע און סיי שלעכטע. דאָס פאַסירט דערפאַר ווייל די מענטשלעכע נשמה איז דאָך פול מיט אַזעלכע קעגנזאַצן. דער מענטש האָט אין זיך דעם יצר טוב וואָס ציט אים צו טאָן גוטע און פיינע זאַכן. ער האָט אָבער אויך אַ יצר הרע וואָס רעדט אים אָן צו טאָן שלעכטס. אין הינטערבאַוווסטזיין פון דעם חלום זיינען זיי פאַראַן ביידע. דע־ריבער קומט אויס, אַז דער מענטש האָט אָפט חלומות פון קאָנטראַסטן, ווייל אין די נאַכט־זעאונגען קען דאָך אַלץ פאַסירן. קיין זאַך איז נישט אויסגעשלאָסן.

דאָס אַרומגיין אין שלאָף פון געוויסע מענטשן, וואָס ליידן פון נאַכט־לונאַטיזם, איז אַן אויסדרוק פון דראַמאַטיזאַציע פון די חלומות דורך האַנדלונגען. דער הינטער־באַוווסטזיין איז ביי די מענטשן אַזוי שטאַרק, אַז ער באַווירקט דעם קערפּער און ברענגט צו טאַטן. זייער אָפט רעדן מענטשן אין חלום. אַנדערע שרייען און רופן הילף. ווען

עמיצער האָט פיינט זיין שכן, חלומט זיך אים אַמאָל, אַז ער גייט אים שלאָגן. אַפילו פיזישע פעלערן קענען קומען צום אויסדרוק אין חלום. צום ביישפיל ווען איינער וואָס ליידט פון אַסטמאַ און עס חלומט זיך אים, אַז ער איז פאַרשפאַרט אין אַ תפיסה, אָדער אין אַן ענגן פּלאַץ, אָדער, אַז ער טרינקט זיך אין אַ טיפן אָפּגרונט.

פרויד דערציילט וועגן איינעם וואָס האָט געליטן פון אַ שווערער האַרץ־קראַנקהייט און עס האָט זיך אים געחלומט, אַז ער זעט אַ מענטשן וואָס איז פונקט ענלעך צו אים. דאָס איז פאַרן קראַנקן אַ גאַראַנטיע פאַר זיין עקזיסטענץ, ווייל ער טראַכט אָפט מאָל מיט מורא וועגן אויפהערן צו לעבן. חלומות זיינען אויך פאַרבונדן מיט פאַנטאַזיע. דעריבער ווערט חלום אָנגערופן אַ טייל פון נבואה, ווייל די נביאים פלעגן אויך זאָגן זייער נביאות אין אַ צושטאַנד פון הינטערבאַוווסטזיין. דער נביא פלעגט אין אַזאַ צושטאַנד כמעט אָפּטאָן זיך פון דער רעאַלער וועלט און אַריינפאַלן אין אַ טראַנס פון אַ נייער און גייסטיקער וועלט, ערגעץ ווו אין די העכערע הימלען, וואָס פלעגט אים אינספּירירן צו זאָגן גרויסע און דערהויבענע ווערטער, ווי דער רמב״ם דערמאָנט עס אין זיין „יד החזקה״.

מיר ווילן דאָ אונטערשטרייכן אין אונדזערע קאָמענטאַרן וועגן פ‏ּראָידס טעאָריעס, אַז פאַקטיש געפינען זיך אין תלמוד די אַלע הויפּט־באַזעס אויף וועלכע דער באַרימטער יידישער געלערנטער האָט געשטיצט זיין לערע. דער גאַנצער צוגאַנג צו דער אויסטייטשונג פון חלומות לויט דעם הינטער־באַוווסטזיין ווערט דערמאָנט אין אונדזער גמרא, אין מס״ ברכות, ווי אויך אין אַנדערע פּלעצער אין תלמוד בבלי וירושלמי.

ערשטנס — דער גאַנצער צוגאַנג צו דער פּסיכאָ־אַנאַליטישער לערע וועגן היילן די פּסיכיש־קראַנקע מענטשן, ניִשט נאָר פאַר דער דערציאונג פון דער יוגנט, נאָר טאַקע אויף צו היילן ממש קראַנקע, געפינט זיך ביי אונדזערע חז״ל און דאָס איז גאָר קיין נייעס ניט פאַר אונדז. נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָט דער תלמוד געזאָגט, אַז די מידות פון מענטשן ווערן באַווירקט דורך דעם הינטער־באַוווסט־זיין, וואָס געפינט זיך אין די טיפענישן פון דער נשמה. עס ווערט אויך געבראַכט, אַז די מעשים פון אַמאָל ברענגען צו ענדערונגען אין גאַנג פון לעבן ביי די מענטשן. די גמרא זאָגט: אין הקב״ה מקפח שכר שיחה נאה (ב״ק ל״ח) און בשביל משקל שני סלעים של מלת כתונת פסים

(אַ זיידן העמדל, וואָס יעקב אָבינו האָט געמאַכט פאַר יוסף'ן און וואָס האָט אַרויסגערופן די קנאה פון די אַנדערע ברידער). ירדו למצרים.

די כוחות הנפש ווירקן אויפן גאַנצן גאַנג פון מענטשלעכן לעבן און דאָס רעגולירט די באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש און צווישן פאָלק און פאָלק. די גמרא זאָגט אין סוטה (ד" מ"ב) דאגה בלב איש ישחינה לאחרים, וחד אמר ישחינה מדעתו. דאָס וואָס דער הינטער־באַוווסטזיין דריקט אויפן מענטשן און ברענגט אים צו מע־לאַנכאָליע און אַנדערע גייסטיקע און נערוועזע שטערונגען קען פאַר־לייכטערט ווערן דורכן אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן פאַר אַנדערע. דאָס איז די באַזע פון דער פסיכאָ־אַנאַליטיק, וואָס זעט פאַר, אַז דער פאַ־ציענט דאַרף אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן און דערציילן פאַרן פסיכיאַ־טער אַלץ וואָס עס דריקט אים אויף דער נשמה. שוין דאָס אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן אַליין ווירקט זייער גוט אויפן געמיט און אויפן געזונט־צושטאַנד פון קראַנקן.

עס זיינען דאָ פאַרשידענע וועגן ווי אַזוי צו פּטור ווערן פון שטי־מונגען פון טרויער און מעלאַנכאָליע. אָבער אַלע וועגן אין דער פסיכאָלאָגיע וואָס פאַרנעמט זיך מיט די קראַנקהייטן האָבן איין ציל: צו אַנטדעקן דעם הינטער־באַוווסטזיין פון די פאַציענטן און צו אַוועק־נעמען דאָס שלעכטע, וואָס איז דער יסוד פון די עמאָציאָנעלע שטע־רונגען. סור מרע ועשה טוב — האָבן געזאָגט אונדזערע חכמים. דאָס טאָן גוטס אַליין ברענגט שוין צו מנוחת הנפש. דער מענטש דאַרף באַהערשט ווערן פון די מידות פון חסד און רחמים. אַלע אונדזערע ספרים, אָנפאַנגנדיק פון דעם תלמוד ביז דעם רמב"ם און די ספרי מוסר, ברענגען אַרויס זייער קלאָר דעם געדאַנק, אַז טאָן גוטס און זיין גוט ברענגט צו אַן אָנגענעמער רו פאַרן גייסט, ווי מען זאָגט אין ענג־ליש „פּיס אָוו מיינד". די משנה זאָגט, אַז הקנאה והתאוה והכבוד מוציאין את האדם מן העולם. דער פסוק זאָגט ורקב עצמות קנאה. מי שיש לו קנאה עצמותיו מרקבין. אַזוי ווערט דערמאָנט עטלעכע מאָל אין תלמוד, אַז קנאה און נישט פאַרגינערייַ קען ברענגען דעם מענטשן צו קראַנקהייטן און צו די ערגסטע צרות. דער מענטש דאַרף זיך קענען באַהערשן און נישט ווערן פאַרכאַפּט פון די שעד־לעכע געפילן. ווען דאָס פּאַסירט, ווען דער מענטש באַהערשט זיך געפינט מען אַ לייזונג צו דער צרה וואָס דריקט אויף זיין הינטער־באַוווסטזיין. קנאה קען קומען צו מענטשן פון קינדהייט אָן. פון קנאה

קענען ליידן מענער און פרויען. מען דאַרף אָבער שטענדיק דערגיין צו דעם שורש פון דער קנאה און ברענגען צו דעם „ישחינה לאחרים", צו אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן און מאַכן זיך לייכטער. די בעסטע עצה איז צו זען אויסוואָרצלען די געפילן פון קנאה פון די הערצער פון די מענער און פון די פרויען.

די פסיכישע שוואַכקייטן קענען אויך קומען פון גאווה. עס זיינען דאָ מענטשן וואָס דענקען, אַז דער גאַנצער כבוד פון דער וועלט קומט נאָר זיי און אַז זיי זיינען העכער און בעסער פון אַנדערע. ער מיינט, אַז מען שאַצט אים נישט אָפּ, מען פאַרשטייט אים נישט און מען שעצט אים נישט גענוג. אין אַזאַ פאַל איז דאָס אויך אַ ביטערער פּראָבלעם און אַזאַ קראַנקן דאַרף מען היילן דורך נישט געבן אים מער קיין כבוד. עס שטייט געשריבן „יש לו מנה רוצה מאתים". אין אָדם מת וחצי תאוותו בידו... עס מוז אַלץ געטאָן ווערן כדי צו אָוועקנעמען ביי אים די מאָטיוון צו וועלן אַזוי פיל כבוד.

עס ווערט דערציילט אַ מעשה פון אַ גרויסן פּראָפעסאָר וואָס האָט געהיילט אַ קראַנקן, וואָס האָט געליטן פון אַן איינרעדעניש, אַז ער איז דער גרעסטער קענער, דער שענסטער מענטש און מיט אַלע מעלות. דער קראַנקער פלעגט דאָס כסדר שרייען אַ גאַנצן טאָג און קיין שום דאָקטער האָט אים נישט געקענט העלפן. האָט דער פּראָפעסאָר געגעבן אַן עצה, אַז די עלטערן זיינע זאָלן דעם קראַנקן נעמען אין אַ גרויסער שטאָט און אַריינגעבן אים אין אַ גרויסן און באַרימטן אוניווערזיטעט. דאָרט וועט ער זען גרעסערע פון אים און שענערע פון אים, וועט ער שוין אַליין פאַרשטיין און אויסהיילן זיך פון זיין שוואַכקייט... מה יעשה אָדם ויחיה ימית את עצמו. (מאמר חז"ל) דער מענטש דאַרף שטאַרקן זיין שכל כדי צו באַזיגן זיינע אינסטינקטן. דער זעלבער ר"א בן הקפר וואָס האָט געזאָגט אין דער משנה, אַז הקנאה והתאוה והכבוד מוציאין את האָדם מן העולם, האָט אויך געזאָגט אין מסכת תענית (ד" י"א) המצער את עצמו נקרא חוטא. מען קען נישט און מען טאָר נישט צונעמען פון זיך די כוחות הנפש, ווייל מען דאַרף זיי האָבן צו קענען טאָן גוטס, ווי צום ביישפּיל פאַר „קנאת סופרים תרבה חכמה". מען קען נוצן די קנאה פאַר גוטע און פּאָזיטיווע צילן, צו לערנען אַלץ מער, צו אַרבעטן איבער זיך. מען קען נוצן די גאווה אויך פאַר גוטע צוועקן. ויגבה לבו בדרכי ה'". מען קען זיין גאווהדיק ביים טאָן גוטע זאַכן און אָפּגעבן זיך מיט גוטע מעשים און גיין אין

ג־טס וועגן, שטאַרקן דעם גייסטיקן לעבן און נישט צו טאָן קיין נאַרישע זאַכן אין לעבן.

אַ רבי האָט געטייטשט אין תהילים כי הלל רשע על תאות נפשו אַזוי: דער רשע איז געוויינלעך אַ בעל גאוה, אָבער ווען עס קומט צו זיין תאווה ווערט ער שוין אַן עניו ווי הלל. ער שעמט זיך נישט און טוט אַלערליי עבירות.

נעשה אָדם בצלמינו כדמותינו. וירדו בדגת הים (בראשית). איז דאָס דען דער תכלית פון דער בריאה צו באַהערשן די פיש וואָס אין ים? די חז״ל זאָגן, אַז ביי די פיש פון ים איז אויך דאָ קנאה און שנאה. אין מדרש ווערט געבראַכט אם זכה וירדו ואם לאו ירדו. עס שטייט אויך כל הגדול מחבירו בולע את חבירו. דער גרעסערער שלינגט איין דעם קלענערן. דאָס הייסט אויך, אַז ווער עס איז שטאַרקער עסט אויף דעם שוואַכערן. דער מענטש וואָס איז באַשאַפן געוואָרן דורך דעם בורא עולם מיטן צלם אלקים וואָלט געדאַרפט זיין אַנדערש און נישט אויפעסן און איינשלינגען דעם שוואַכערן, נאָר פונקט פאַרקערט: העלפן דעם קליינעם און דעם שוואַכן. דער מענטש דאַרף זיך אויסהיטן פון זיינע נידעריקע אינסטינקטן און פון די תאוות פון קערפּערלעכן לעבן. זכה וירדו, לא זכה וירדו. אויב דער מענטש קען זיך נישט שטעלן העכער איבער זיינע גלוסטונגען און אינסטינקטן, קען ער פאַלן פונקט אַזוי נידעריק ווי יעדע חיה פון וואַלד. ער קען ווערן ענלעך צו די פיש אין ים וואָס באַמיען זיך צו איינשלינגען די שוואַכערע און די קלענערע.

מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט דעם ד״ר אַדלער, זיגמונד פרוידס אַ תלמיד. ער פלעגט אויך זאָגן, אַז דער מקור פון זייער פיל גייסטיקע קראַנקהייטן קומט אַרויס דערפון וואָס דער מענטש וויל באַקומען מיט אַלע מיטלען אַ געהעריקן פּלאַץ אין דער געזעל־שאַפט און אין כלל, דורך זיין פאַרמעגן, דורך רייכקייט, דורך קלוג־שאַפט, אינטעליגענץ, אָדער דורך אַנדערע וועגן. אָבער נישט אַלע קענען דאָס דערגרייכן. די וואָס פאַלן דורך אין זייערע באַמיאונגען קענען לייכט באַהערשט ווערן דורך פאַרצווייפלונג און מעלאַנכאָליע, וואָס קען זיי ברענגען אַפילו ביז צו משוגעת.

פּראָפ. אַדלערס טעאָריע שטימט ריכטיק מיט די לערעס פון אונדזערע רעליגיעזע ספרים, ווו עס ווערט געזאָגט, אַז די מידות פון מענטשן זיינען דער הויפּט־מאָטיוו פאַר זיין גליק, אָדער פאַר זיין אומגליק. דאָס איז דאָך אויך דער גאַנצער יסוד פון דער משנה

וואָס זאָגט אין אָבות: הקנאה והתאוה והכבוד מוציאין את האָדם מן העולם.

איך האָב געהערט פון מיין זיידן דעם ביאַלער רב זצ"ל מר"ש ז"ק, אַז דער פּשט אין דער גמרא תשעה ותשעים מתים מעין הרעה, אַז ניין און ניינציק פּראָצענט פון דער מענטשהייט שטאַרבן פון אַן עין הרע, פון אייגענעם שלעכטן אויג וואָס מאַכט אַ מענטשן קראַנק און דאָס איז די תאווה און דער געיעג נאָך כבוד. עס זיינען דאָ מענטשן וואָס זיינען עובר אויפן לא תשבע עין. זיי קענען פּשוט זיך נישט אָנזעטיקן מיט אַזוי פיל תאווה און כבוד. זיי ווילן נאָך מער און מער און דאָס ברענגט אויף זיי גאַנץ אָפט דעם טויט.

ווען דער מענטש וואָלט געהאַט מנוחה פאַר זיין גוף, וואָלט ער אויך געהאַט מנוחה פאַר זיין נשמה. שבת איז אַ „יום מנוחה", ווייל דער שבת גיט דעם מענטשן מנוחה סיי פאַרן גוף און סיי פאַר דער נשמה. דער שבת ברענגט אַריין דעם מענטשן אין אַן העכערער גייס־טיקער וועלט, ווו עס איז פאַראַן אמתע מנוחה.

עס האָט אַמאָל אַ באַלעבאָס געפרעגט ר' ישראל סאַלאַנטער, אַז אַזוי ווי ער האָט נאָר צייט איין שעה אין טאָג צו לערנען, טאָ וואָס זאָל ער בעסער לערנען? הלכה אָדער מוסר. האָט ר' ישראל סאַלאַנ־טער אים געזאָגט, אַז ער זאָל בעסער לערנען מוסר, ווייל אַז ער וועט לערנען מוסר, וועלן זיינע מידות געלייטערט ווערן אַזוי, אַז ער וועט שוין אויך געפינען צייט צו לערנען הלכה יעדן טאָג.

אָבער די פּסיכאָלאָגן און די פּסיכיאַטערן האָבן דערוויל נישט געפונען קיין ריכטיקע עצה פאַר די מענטשן וואָס קומען אָן צו זיי. זיי קענען נישט ראַטעווען די מענטשן פון די שרעקלעכע גייסטיקע צרות. זיי היילן ווי עס איז די קראַנקהייטן, אָבער זיי קענען נישט אויסגעפינען און פאַרמיידן די סימפּטאָמען פון דער חולאת. אָבער אונ־דזערע חז"ל האָבן מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק יאָ געפונען די רפואה צו דער מחלה. אין דער משנה, אין אבות, ווערט געבראַכט (פ"ב): איזו היא דרך טובה שידבק בה האדם? עין טובה, אַ גוטע אויג, ווייל דאָס איז אַ מיטל קעגן עין הרע און אירע געפאַרן און אָוועקנעמען די סכנה פון קנאה און תאווה. חבר טוב — אַ גוטער חבר. דער מענטש דאַרף זיין אין דער געזעשאַפט פון גוטע און אָרנטלעכע מענטשן, ווייל אַ שלעכטע חברותא קען ברענגען זייער פיל צרות. „לב טוב" — אַ גוט האַרץ איז שטענדיק בשמחה. עס איז פּשוט נישטאָ אַזוי פיל שמחה צו באַקומען ווי דאָס גיט די סאַטיספאַקציע צו קענען האָבן אַ

גוט הארץ און העלפן אנדערע מענטשן. לב טוב לשמים ולב טוב לבריות — שטייט אין אבות ד"ר נתן, וטוב לב משתה תמיד. א מענטש מיט א גוט הארץ איז שטענדיק צופרידן ווי ער וואלט געווען אויף א גרויסן מאלצייט, ביי א שיינעם באנקעט מיט פיל שמחה. דאס גוטס וואס מען טוט ברענגט דערצו, אז מען זאל ווייטער קענען טאן נאר גוטס.

א גוט הארץ איז דער פונדאמענט צו אלע גוטע מידות און א שלעכט הארץ איז דער יסוד פון אלדאס בייז און פון אלע שלעכטע מידות. אין ירושלמי (ברכות פ"א) שטייט: אמר הקב"ה אם אתה יהיב לי לבך אנא ידע דאת דילי. אויב איך האב דיין הארץ, ווייס איך, אז אלע דיינע מידות זיינען מיינע, ווייל זיי זיינען באהערשט פון טאן גוטס מיט א געטלעכן גייסט. נאכדעם שטייט ווייטער אין דער משנה אבות (פ"ב משנה יג): ר' יהושע אומר עין הרע ויצר הרע ושנאת הבריות מוציאין את האדם מן העולם. די אלע שלעכטע זאכן זיינען פארבונדן איינע מיט דער צווייטער צוליב דעם עין הרע, צוליב דער שלעכטער אויג וואס וויל אלץ ארייננכאפן פאר זיך. צוליב דעם פאלט מען דורך מיט דעם יצר הרע און דורך דעם קומט די שנאה פון מענטש צו מענטש. דער רב ברטנורא טייטשט שנאת הבריות — שנאת חנם. אבער דער רמב"ם טייטשט, אז דער שלעכטער מענטש וויל אנטלויפן פון מענטשן, ווייל ער וויל נאר זיין פאר זיך אליין. די שלעכטע מענטשן האבן גאנץ אפט ליבער צו פארברענגען מיט חיות ווי מיט מענטשן. דערפון קען קומען די קראנקהייט פון מעלאנ־כאליע. די מענטשן ווערן קראנק און זיי זיינען אין א גרויסער געפאר, ווייל זיי קענען אוועקגיין פון דער וועלט פאר דער צייט.

תורה עבודה און גמילת חסדים קענען אוועקנעמען דעם מענטשן פון די אנדערע דריי שלעכטע זאכן. דורך תורה קען די עין הרע ווערן אן עין טוב. די עבודה נעמט אויך אוועק דעם יצר הרע פון הארצן, ווייל דורך עבודה ווערט עבודה שבלב, דער מענטש קריגט א גוט הארץ און אויב דאס הארץ ווערט גוט, איז שוין ממילא אוועק דער כוח פון יצר הרע און דער מענטש קען טאן גמילת חסדים, גוטע טאטן. דער מענטש נעמט טאן גוטע זאכן פאר אנדערע מענטשן און עס נעמט צו ביי אים דעם שנאת הבריות.

די משנה זאגט: איזהו גיבור הכובש את יצרו. איזהו עשיר השמח בחלקו. איזהו מכובד המכבד את הבריות. דאס זיינען די דריי פראק־טישע עצות וואס זיינען פאקטיש די בעסטע רפואות אין פאל פון

גייסטיקע קראַנקהייטן. זיי קענען היילן די דריי צרות פון קנאה, תאווה און כבוד. די קנאה קען געהיילט ווערן דורך דעם „הכובש את יצרו“, ווען דער מענטש קען איינהאַלטן און באַזיגן זיין יצר הרע, ווען ער באַהערשט די נידעריקע אינסטינקטן פון זיין האַרצן און אָנ־שטאָט טאָן שלעכטס טוט ער גוטס. די תאווה קען באַזיגט ווערן דורך דעם „שמח בחלקו“. מען דאַרף זיין צופרידן מיט דעם וואָס מען האָט. די פסיכאָלאָגן זאָגן, אַז ווען דער מענטש איז קיינמאָל נישט צופרידן, מוז ער ווערן גייסטיק קראַנק און זיין נשמה ווערט פול מיט עצבות. דעם גײַיעג נאָך כבוד קען מען אויך היילן דורך דעם „המכבד את הבריות“. דער וואָס יאָגט זיך אַזוי שטאַרק נאָך כבוד דאַרף אויך אָפּגעבן כבוד אַנדערע מענטשן. ווען ער וועט אָפּגעבן כבוד אַנדערע מענטשן, וועט ער ווערן מער חשוב און אָנגעזען ביי זיך אַליין.

דאָס זיינען די דריי הויפּט־רפואות פאַר אַלע גייסטיקע צרות וואָס דער מענטש קען ליידן. אַלע גייסטיקע קראַנקהייטן נעמען זיך פון דעם מקור. די דריי פעלערן צעברעכן דעם גוף און די נשמה פון מענטשן. די פסיכיאַטרישע וויסנשאַפט האָט אַנטפּלעקט צוויי הויפּט־פאַקטאָרן וואָס האָבן דעם מענטשן געצווונגען צו אַנטלויפן פון זיין אייגענער פרייהייט און פון די אַלע באַקוועמלעכקייטן פון מאָדערנעם לעבן וואָס מיר האָבן דערגרייכט.

לויט פרוידס טעאָריע קומט אויס, אַז אין מענטשן זיינען פאַראַן צוויי הויפּט־כוחות: דער כוח פון זיין אייגענער דערהאַלטונג און עקזיסטענץ און דער כוח פון זיין זעלבסט־צעשטערונג. יעדער מענטש האָט אין זיך דעם כוח זיך אַליין צו פאַרניכטן. עס קומט אויס אין לעבן צו דורכמאַכן אַזעלכע שווערע מאָמענטן. אויף דער שיטה האָט פרויד געבויט זייער פיל פון זיין טעאָריע וועגן פסיכאָאַנאַליטיק.

דער נישט־גלויביקער טרעפט ביי גוונגען ביים מענטשן וואָס זיינען נישט קלאָר פאַר אים און דעריבער מאַכט ער אַזעלכע אויספירן. אָבער דער מאמין ווייסט, אַז דער מענטש וויל נישט נעמען אויף זיך קיין שום עול. ”כל המקבל עליו עול תורה מעבירין ממנו עול מלכות ודרך ארץ“, זאָגן די חז״ל. דער גרויסער כוח פון אמתער פרייהייט איז צו נעמען אויף זיך אַן עול. ווי עס האָט געזאָגט איינער פון די גרויסע רביים: וירא מנוחה כי טוב ויט שכמו לסבול. די גרויסע מנוחה איז סבלנות, געדולד צו אַרבעטן און צו נעמען אויף זיך אַן עול אין לעבן.

מענטשן וואָס ווערן גיך מיד פון דעם עול וואָס דאָס לעבן לייגט אַרויף אויף זיי, ווילן דערפון וואָס גיכער אַנטלויפן. זיי ווילן פּטור ווערן פון דעם עול כדי נישט צו דאַרפן שטיין פּנים אל פּנים מיט די פּראָבלעמען פון לעבן. די מענטשן וואָס האָבן געוואָלט אין לעבן דער־גרייכן זאַכן וואָס קומט אָן געוויינלעך זייער שווער צו דערגרייכן, דערשרעקן זיך באַלד און ווילן אַנטלויפן פון לעבן גופא. זיי זיינען גרייט זיך אַליין צו אומברענגען. דאָס דערקלערט די כוואַליע פון זעלבסטמאָרדן ביי דעם מאָדערנעם מענטשן פון אונדזער צייט. אין יו״ד (ס״י ש״ח) ווערט געבראַכט, ווען הייסט דער מענטש אַ מאבד עצמו לדעת? נאָר ווען זיין שכל אַרבעט.

דער יצר טוב ברענגט נחת צו דעם מענטשן און אַ שמחה של מצוה, אָבער דער יצר הרע וואָס פאַרפירט דעם מענטשן מיט זינד ברענגט נאָכהער פאַרדרוס, פאַרביטערטקייט און חרטה. אָבער אַפילו דער יצר הרע ברענגט אויך נוצן דעם מענטשן, ווי די גמרא זאָגט אין ברכות; עבוד בשני יצרך ביצר טוב וביצר הרע (ברכות), מען קען נוצן די כוחות פון יצר הרע צו געטלעכקייט און אַריינגעמען אים אין קדושה און הייליקייט. און פּונקט ווי עס זיינען פאַראַן אין דעם מענטשן פאַרבאָרגענע כוחות וואָס אַרבעטן אין זיין הינטער־באַוווסטזיין כדי צו טאָן שלעכטס, אַזוי קענען אויך זיין געהיימע און שטאַרקע כוחות אין זיין הינטער־באַוווסטזיין, וואָס קענען אים ברענגען צו טאָן גוטס. דאָס זיינען כוחות וואָס קענען אויפוועקן דעם קול פון דער נשמה ווען עס איז נייטיק. די גמרא ברענגט אין ברכות (ד״י): פון וואַנען נעמען זיך די כוחות וואָס ציען דעם מענטשן צו טאָן גוטס און צו דערנעענטערן זיך צו ג־ט? דאָס איז די נשמה און דורך תורה קען מען דערהערן דעם קול פון דער נשמה.

דער רמב״ן, אין בראשית אויף דעם פּסוק וירא אשר כל אשר עשה והנה טוב מאוד — זאָגט: יאמר שהיא מתוקן הסדר מאוד כי הרע צריך בקיום הטוב. לויט דער יידישער אמונה זיינעןביידע כוחות, סיי דאָס גוטע און סיי דאָס שלעכטע, בכוח צו אַרויסהעלפן דעם מענטשן און צו שאַפן אין אים אַ גייסט פון בחירה.

שובי נפשי למנוחיכי, כי ה״ גמל עליכי (תהילים). דוד המלך האָט פאַרשטאַנען, אַז מנוחת הנפש קען מען נאָר באַקומען ווען מען איז פאַרבונדן מיט ג־ט און מיט דעם געטלעכן גייסט, ווייל דאָס פיזישע און מאַטעריעלע אַליין קען נישט ברענגען קיין מנוחת הנפש:

ובא אלה: מלך גדול וסבב אותה זה יצר הרע. ובנה עליה מצודים וחרמים אלו עונות ומצא בה איש חכם זה יצר טוב ומלא את העיר בחכמתו זו תשובה, ומעשים טובים (נדרים) ל"ב). די צרה מיט דער מאָדערנער וויסנשאַפט איז, וואָס זי וויל נישט פאַרשטיין — ווי זיגמונד פרויד האָט עס נישט געוואָלט און נישט געקענט פאַרשטיין, אַז אין דעם מענטשן זיינען פאַראַן צוויי כוחות, וואָס ער אַליין וואָלט געקענט באַהערשן. אויב דער מענטש גייט אַוועק אויף שלעכטע וועגן, איז ער אַליין שולדיק אין דעם, ווייל אַפילו דאָס שלעכטע אין מענטשן קען געניצט ווערן פאַר גוטע מיטלען. ווען דער מענטש וואָלט געניצט נאָר דאָס גוטע, וואָלט דאָס אים געבראַכט צו אַ רואיקן און צופרידענעם לעבן.

די חז"ל זאָגן אין מס' קידושין: מחשבה רעה אין הקב"ה מצרפה למעשה. מחשבה טובה מצרפה למעשה. (קידושין ד' ל"ט) דאָס פּאַסירט דערפאַר ווייל דאָס שלעכטע איז נישט קיין אָרגאַנישער טייל פון דער טיפקייט פון דער נשמה ביי דעם יידן. זייער וווּנדערבאַר זאָגט דער רמב"ן אין פרשת בשלח אויף דעם פסוק: כל המחלה אשר שמתי במצרים לא אשים עליך, כי אני ה' רופאך. בראתי יצר הרע בראתי תורה תבלין.

דער מדרש זאָגט אין בראשית אויף דעם פסוק: ויאמר ה' אלקים. זה שאמר הכתוב ראה זה מצאתי אשר עשה האלקים את האדם ישר אמר הקב"ה אתה עושה אותו רע תינוק בן ה' ו' ז' ח' ט'. אינם חוטא אלא מבן עשר שנים ואילך אז הוא מגדל יצר הרע אתה עשית אותו רע. דערפון זעט מען, אַז שלעכטס קומט נישט ביי דעם מענטשן פון געבורט, נאָר עס ווערט אַנטוויקלט שפּעטער.

כי אדם לעמל יולד ובני רשף יגביהו עוף (איוב ה'). אין די אַלע כוחות הנפש וואָס דער מענטש האָט איז פאַראַן אַ כוח היצירה און דער מדרש זאָגט אויף דעם: זכה לעמלה של תורה לא זכה לעמלה של דרך ארץ. דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן וועגן די חלומות ביי מענטשן אויף וועלכע פרויד זאָגט, אַז זיי זיינען סימבאָלן וואָס מען דאַרף זיי אויסטייטשן, אַז זיי זיינען דער אויסדרוק פון הינטער-באַוווּסטזיין. דער מענטש שעמט זיך מיט זיינע געדאַנקען און געפילן בייטאָג, אָבער ווען ער חלומט, קומט פריי צום אויסדרוק זיין שטימונג.

דאָס געפינט זיך אין דער גמרא אין ברכות (ד' כ"ה) דברי חלומות לא מעלין ולא מורידין חד בר נש אתי לגבי ר"י בן חלפתא א"ל ראיתי בחלום אמרין לי זיל סב פועליא דאבך מן קופידקיא. און עס האָט זיך

שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז דער פּאַטער איז קיינמאָל נישט געווען אין אַזאַ שטאַט ווי קופּידקיא און ר״ בן חליפתא האָט אים געהייסן ציילן די בעלקעס פון הויז, וואָס זיינען געווען 20, און ער האָט טאַקע גע־פונען דאָס געלט. פרעגט זיך אַ פראַגע, ווי אַזוי האָט ער געוווסט, אַז דאָס איז צוואַנציק? ווייל אין אַלט־גריכיש איז קופּי־דקיא צוואַנציק. מדר״ איכה ד״ ע״ה). דאָס איז שוין אַ סימבאָלישער באַווייז פאַר דעם, אַז אין הינטער־באַוווסטזיין און אין חלום איז פאַרמישט געוואָרן דער נאָמען פון אַ שטאָט מיט די ציפערן פון צוואַנציק.

די גמרא זאָגט אין ברכות: אמר ר״ז כל הלן שבעת ימים בלא חלום נקרא רע. דאָס הייסט, אַז אויב עמיצן חלומט זיך נישט אין פאַרלויף פון זיבן טעג ווערט ער אָנגערופן אַ שלעכטער. עס פרעגט זיך, וואָס האָט צו טאָן דער חלום מיט דער נאַטור פון מענטשן און אַז אויב עמיצן חלומט זיך נישט עטלעכע טעג צייט, ווערט ער שוין אָנגערופן אַ שלעכטער? לויט פרוידן קומט אויס, אַז דער הינטער־באַוווסטזיין פירט אויס אין חלום די פונקציעס פון דעם באַוווסטזיין, ווייל אין חלום קען דער מענטש דורכפירן זאַכן וואָס ער וואָלט קיינמאָל נישט געטאָן אין דערווירקלעכקייט. ער טוט זאַכן וואָס זיינען מיאוסע און שלעכטע און ער וואָלט דאָס קיינמאָל נישט געטאָן, ווייל ער שעמט זיך דערמיט. אָבער ווען דער מענטש איז אין דער ווירקלעכקייט נישט גוט און ער טוט זיכער די שלעכטע זאַכן אויף דער וואָר, קומט ער נישט אָן צו חלומות און דערפאַר ווערט ער אָנגערופן אַ שלעכטער...

דער תלמוד ברענגט אויך, אַז חלמא בישא עדיפא מחלמא טבא. אַ שלעכטער חלום איז בעסער פון אַ גוטן חלום, ווייל דער שלעכטער חלום באַווייזט, אַז דער באַוווסטזיין איז גוט און אַ גוטער חלום באַווייזט, אַז אין לעבן איז דער מענטש נישט אַזוי גוט. די גוטע זאַכן קומען נאָר אין הינטער־באַוווסטזיין. רש״י טייטשט אויס דאָס דערפאַר, ווייל דאָס ברענגט דעם מענטשן צו תשובה און ממילא קומט דערפון אַרויס גוט, ווען עס חלומט זיך אַ מענטשן אַ שלעכטער חלום.

אָבער דער פשוטער טייטש פון דעם זעען מיר שפּעטער אין דער גמרא אין מראין לו לאדם אלא מהירהורי לבו (ברכות ד״ נ״ה. דאָס מיינט, אַז די הירהורי לבו זיינען די מחשבות פון הינטער־באַוווסטזיין און דער ווונטש פון מענטשן צו האָבן געוויסע זאַכן און אין איוב ל״ג ווערט געזאָגט: בתנומות עלי משכב אז יגלה אזן אנשים ובמסרם יחתום. די חלומות פון פרעהן און די חלומות פון נבוכדנצרן זיינען דאָך געווען

סימבאָליש פאַר זיי און זיי האָבן זיך שפּעטער באַשטעטיקט אין דער ווירקלעכקייט.

ווי שיין זיינען די ווערטער פון מדר״ אין פ״ מקץ וועגן דעם חלום פון פרעה מלך מצרים: זמן נתן השי״ת ליוסף כמה שנים יהי באפילה בבית האסורים כיון שהגיע הקץ חלם פרעה חלום. די השגחה האָט אַזוי געפירט, אַז דער חלום האָט געדאַרפט ווערן באַשידן טאַקע דורך יוסףן און עס איז אַזוי אַרויסגעקומען, אַז פּונקט איז יוסף געווען אַרעסטירט אין אַרעסט, ווען פרעהן האָט זיך געחלומט זיין באַרימטער חלום. דורך דעם איז יוסף גערעטעוועט געוואָרן און איז געוואָרן אַ שני למלך אין מצרים און שפּעטער האָט ער געקענט העלפן זיינע ברידער און זיין פאָלק.

די גמרא זאָגט אויך: כל החלומות הולכין אחר הפה. הרואה חלום ונפשו עגומה עליו ילך ויפתרנו בפני שלשה (ברכות נ״ה). ווען דער חלום ווערט אויסגעטייטשט צום גוטן, ברענגט דאָס מנוחת הנפש. אַ שלעכטער חלום ברענגט דאָך צער פאַרן מענטשן און ווען מען טייטשט דאָס אויס צו גוטן, ווירקט דאָס פּסיכאָלאָגיש זייער גוט אויף דעם מענטשן. זאָגט די גמרא, אַז עס שטייט אין ברכת כהנים, ביי דעם דאַווענען, זאָל מען זאָגן אַ תפילה אויף אומפאַרשטענדלעכע חלומות: רבונו של עולם, אני שלך וחלומותי שלך, אתה שלום ושמך שלום ויהי רצון שתשים עלינו שלום. קען מען פרעגן וואָס האָט צו טאָן דער חלום מיט דער ברכה פון שלום? נאָר די צעשפּליטערונג פון דעם מענטשלעכן געדאַנק באַווייזט, אַז ער האָט אין חלום נישט קיין שלום מיט זיינע געדאַנקען. ווי דוד המלך זאָגט: אין שלום בעצמותי מפני חטאתי. די זינד ברענגען אומרואיקייט און צערודערונג אין דעם היננ־טער־באַוווסטזיין פון מענטשן און דאָס ברענגט צו אומרואיקע און צערודערטע חלומות. דעריבער בעטן מיר ביי ג־ט אויף שלום אין אונדזערע געדאַנקען. אַזאַ שלום קען ראַטעווען אַ מענטשן פון אַ גייסטיקער קראַנקהייט און פון אַ נערוועזן צוזאַמענברוך.

וועגן דעם געדאַנק אין דער גמרא „כל החלומות הולכין אחר הפה״, זאָגט תוספות, אַז דער מזל איז גורם ווי אַזוי מען באַשיידט אַ חלום און אַן דעם ווענדט זיך צי דער חלום וועט מקויים ווערן אויף גוטס אָדער חלילה אויף שלעכטס. פרעגן די ראשונים: ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז דער חלום זאָל פאַרווירקלעכט ווערן לויט דעם ווונטש פון דעם באַשיידער? אויף דעם איז די תשובה געווען גזירה היא. דאָס איז דער כוח פון דער באַשיידונג פון חלום און עס ווענדעט זיך ווער דער

באַשיידער איז געווען. אָבער לויט ווי מיר האָבן דאָס דערקלערט, קען אַ גוטע אויסטייטשונג פון אַ חלום ברענגען צו מנוחת הנפש. אַ שלעכטע אויסטייטשונג קען ברענגען צו זייער שלעכטע פאָלגן און איז עלול צו אַריינברענגען אַ מענטשן אין זייער אַ געדריקטער שטימונג.

די חז"ל זאָגן טאַקע אויף דעם פסוק לא תאונה אליך רעה שלא יבהליך חלומות רעים והרהורים רעים. די ברכה, אַז דעם מענטשן זאָל נישט טרעפן קיין שלעכטס איז אויך, אַז דעם מענטשן זאָלן נישט מאַטערן קיין שלעכטע חלומות און נישט קיין שלעכטע געדאַנקען. די בײדע זאַכן זיינען פסיכאָלאָגיש פאַרבונדן אייגע מיט דער אַנדערער.

די שלעכטע חלומות ברענגען אַ צערודערונג אין די געדאַנקען פון מענטשן און קענען אים ברענגען צו פסיכישע קראַנקהייטן. דעריבער דאַרף זיין די אויפגאַבע פון דער פסיכאָלאָגיע צו העלפן מענטשן פטור ווערן פון זייערע שלעכטע מחשבות און דערברענגען זיי צו מנוחת הנפש. נאָר אַזוי אַרום וועט דער מענטש קענען לייכטער אָפּאָטעמען און ווידמען זיך צו גוטע און פּאָזיטיווע מעשים און צו גיין אין די וועגן פון ג-ט.

# וואו גייט אונדזער יוגנט

די חז"ל זאָגן אין מס' סנהדרין: „בימי חזקי' המלך בדקו מדן ועד באר שבע ולא מצאו לא תינוק ולא תינוקת שלא היו בקיאין בטומאה וטהרה". אין די צייטן פון קעניג חזקי' האָבן אַלע יידישע קינדער, יינגלעך און מיידלעך, געהאַט אַן אנונג אין די הלכות פון טומאה און טהרה. פרעגט זיך אַ פראַגע: פאַרוואָס פונקט עפּעס אין די הלכות פון טומאה וטהרה? עס זיינען דאָך דאָ נאָך אַ סך וויכטיקע הלכות אין דעם יידישן תורה־לעבן, וואָס זיינען וויכטיק פאַר דער יוגנט.

טהרה מיינט טהרת הלב, טהרת המחשבה, טהרת המוח, דאָס מיינט אַ לויטערער מאָראַלישער לעבן פון דער יוגנט, דאָס מיינט אָפּהיטן די מאָראַלישע פרינציפּן פון יידישן פאָלק, וואָס שטראָמען פון די קוואַלן פון אונדזער מקור התורה והמסורה. דאָס האָט טאַקע געקענט פּאַסירן אין דער צייט פון מלך חזקי' וואָס האָט איינגעפירט דאָס לערנען תורה אין יעדן בית מדרש פאַר דער יוגנט, געשאַפן ישיבות, אויפגעקלערט די נשמה פון אונדזער פאָלק, און ספּעציעל דער יוגנט, כדי זי זאָל קענען זיין בקי אין הלכות טהרה און לויטערקייט און בכלל אין אונדזערע גייסטיקע געדאַנקען.

די משנה זאָגט אין אבות: עשה תורתך קבע. זאָגט דערויף דער תפארת ישראל, אַז דאָס מיינט המשך וקיום פון דער תורה און באַוואָרענען, אַז דאָס לערנען תורה זאָל נישט אויפהערן, נאָר די גאָלדענע קייט פון דער תורה זאָל זיך ציען כסדר, ווי עס שטייט אין ספרא (קדושים): אויב איר וועט מאַכן מיינע דינים און הלכות צייטווייליק, וועל איך אייך אויך מאַכן צייטווייליק...

נאָר אַ ישיבה איז די גאָלדענע קייט פון המשך וקיום פון אונ־דזער פאָלק. אַ ישיבה לויטערט די הערצער און די מוחות פון די

קינדער און פאַרשטאַרקט די הויכע גייסטיקע אידעאַלן פון אונדזער פאָלק. אַ ריכטער פון דעטראָיט האָט דאָ אנומלט געגעבן אַ וויכטיקע דערקלערונג זאָגנדיק, אַז צווישן די תלמידים פון אַ ישיבה איז אפילו נישט פאַראַן קיין איין פּראָצענט פון יוגנט־פאַרברעכנס, ווי דאָס טרעפט ליידער צווישן קינדער פון אַנדערע דערציאונגס־אינסטיטוציעס. ווייל נאָר גייסטיקע און מאָראַלישע געזעצן, באַזירט אויף דער יידישער תורה קענען צוימען די אינסטינקטן פון דער יוגנט און אָפּהיטן איר פון ערנסטע פאַרברעכנס קעגן דער געזעלשאַפט....

מיר זוכן דאָך עצות קעגן דער אַסימילאַציע. טאָ לאָמיר זאָגן, אַז די בעסטע עצה איז טאַקע נאָר לימוד התורה: „ואבדיל אתכם מכל העמים ואתם תהיו לי לעם". נאָר די דאָזיקע הבדלה, די דאָזיקע אָפּטיילונג, קען שאַפן קדושה. נאָר די תורהדיקע השפעה שאַפט די אמתע השפעה פון יידישקייט און אַלע אַנדערע זאַכן זיינען נאָר צייט־ווייליקע, אָבער זיי קענען נישט פאַרזיכערן קיין המשך וקיום. אָט זעען מיר דאָך, אַז די טאַטעס אונדזערע רעדן יידיש, אָבער די קינדער פאַרשטייען זיי שוין לײדער נישט, ווייל דער יידישער היים פעלט אַ יידישע נשמה. דער היינטיקער יידיש איז שוין אַ וואָכעדיקער. נאָר די תורה קען נישט ענדערן זיך. זי איז שטענדיק נצחיות — אייביקייט.

דער „ניצוץ אלקי", דער געטלעכער פונק פון די יידישע הערצער פאַרברענט אַלע דערנער און אַלע ווילדע געוויקסן. די ישיבות קטנות אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן אַריינגעבראַכט אַן אויפלעבונג אין דעם יידישן גייסט. מען טרעפט דאָרטן היינט טויזנטער יידישע יונגעלייט וואָס קומען דאַוונען אין די שולן נישט בלויז צו זאָגן קדיש ר"ל. זיי קומען נישט בלויז ווען זייערע עלטערן זיינען צום באַדויערן שוין טויט. ניין, זיי קומען מיט זייערע לעבעדיקע עלטערן און זיינען ממשיך די שיינע טראַדיציע פון יידנטום.

אָט בויען מיר גרויסע שולן. אָבער צום באַדויערן זיינען די שיינע בנינים ליידיק. נאָר ביי בר־מצוות און חתונות ווערן זיי אָנגעפילט, אָבער דער תוך פון דער שול איז אַ פּוסטער, ווייל מיר האָבן נישט באַוויזן צו צוציען אונדזער יוגנט.

מיר קענען האָבן אונדזער יוגנט מיט אונדז נאָר דאַן ווען מיר וועלן בויען ישיבות, וואו אונדזערע קינדער וועלן דערצויגן ווערן צו זיין

ריכטיקע ידן. אַ יוגנט וואָס איז נישטאָ אין יידישן גייסטיקן לעבן וועט ניט קומען אין שול, וואָס איז די פעסטונג פון אונדזער גייסט.

די גמרא זאָגט אין יבמות: ר׳ זירא אירכסיה ליה מיפתחיה דבי כנישתא, אמר ליעול טליא וטליותא״.

מיר האָבן פאַרלוירן די שליסלען פון אונדזערע שולן און מיר זוכן עצות ווי אַזוי צו אָנפילן די שולן אין די שבתים און ווי צו געפינען כאָטש אַ מנין אין דער וואָכן פון נישט קדיש־זאָגערס, נאָר קדושה־זאָגערס, דורך פאַרשידענע וועגן, אָבער מיר זיינען הילפסלאָז, ווייל מיר האָבן נישט די יוגנט מיט אונדז. אוז דער יוגנט קענען מיר נישט האָבן אויף קיין אַנדער וועג, נאָר דורך די ישיבות און דורך לער־נען תורה, נישט דורך ספּאָרט־צענטערס און נישט דורך אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס וואו עס ווערט נישט געלערנט קיין תורה.

אין אַ ישיבה ווערט געלערנט אויסער תורה אויך מידות טובות, דרך ארץ וכיבוד אָב, ווייל דאָס איז דער לויטערער שטראָם פון אונ־דזער אייביקן קוואַל. אין אַ ישיבה ווערן אונדזערע קינדער געלערנט צו ליב האָבן אונדזער פאָלק, אונדזער לאַנד ארץ ישראל, אונדזער תורה. אהבת ישראל און אהבת התורה זיינען די גרונט־פּרינציפּן פון דער ישיבה־דערציאונג. חינוך לנער ע״פ דרכו — גם כי יזקין לא יסיר ממנו. מיר מוזן לערנען דער יוגנט אַזאַ סאָרט חינוך, אַז ווען די יוגנטלעכע זאָלן עלטער ווערן, זאָלן זיי דאָס אָנהאַלטן און שטענדיק זאָל ביי זיי עפּעס בלייבן דערפון. עס איז פאַקטיש נישט בלויז אַ לערע נאָר אַ וועג אין יידישן לעבן, אַ גייסטיקער וועג.

עס האָט אַמאָל אַ תלמיד געפרעגט ביי זיין לערער אין אַ היגער שול: לערער, וויפל יאָרן פעלט נאָך מיר, אַז איך זאָל שוין מעגן מחלל שבת זיין? מיר מוזן מיט אַלע אונדזערע כוחות אַרבעטן, כדי מען זאָל מער נישט קענען הערן אַזעלכע פראַגעס אין אַ יידישער שול. מיר מוזן פון קינדווייז אָן צוגעוואוינען אונדזער יוגנט צו ג־טס תורה און צו די יידישע עטישע און מאָראַלישע פּרינציפּן. צו אַלע מצוות און מעשים טובים וואָס האָבן געשאַפן ביי יידן דעם המשך און קיום פון אונדזער גרויס פאָלק, גיבן מיר אויך צו איז דער ישיבה די ליבע צו ארץ ישראל, די ליבע צו דעם לאַנד וואָס אונדזערע אורעלטערן האָבן געקושט זיין ערד פון גרויסער בענקשאַפט צום הייליקן לאַנד. זיי האָבן געקושט די ערד פון ארץ ישראל מיט אַזאַ ליבשאַפט ווי מען קושט אַ ספר תורה. ווייל ביי אונדז איז דאָס לאַנד פאַרבונדן מיט דער תורה

און מיט די מצוות. מיר האָבן דאָס גוט פאַרשטאַנען ווען מיר האָבן געלייענט די פּרעכטיקע ווערטער פון ר" יהודה הלוי: „חיי נשמות אוויר ארצנו". דאָס לאַנד איז אונדזער הייליקייט, דאָס איז אונדזער נשמה.

לשון קודש, די הייליקע שפּראַך פון אונדזער פאָלק, אונדזער נשמה־דיקע שפּראַך, די שפּראַך אין וועלכער ג־ט האָט באַשאַפן די וועלט, די שפּראַך וואָס מלאכי השלום רעדן, די שפּראַך אין וועלכער די תורה איז געשריבן און געגעבן געוואָרן, די שפּראַך וואָס מיר האַלטן זייער נאָנט פון אונדזער האַרצן אין די תפילות צו ג־ט (רמב"ם פ"א, משנה אבות מט"ז) דאָס באַדייט פאַר אונדז לשון קודש.

יידיש איז די שפּראַך וואָס פאַרבינדט אונדז און העלפט אונדז זיך האַלטן צוזאַמען. אונדזערע עלטערן האָבן אין דער שפּראַך אַריינ־געלייגט הייליקע באַגריפן אַלס אַ שטאַרקער פאַנצער קעגן דער אַסי־מילאַציע. אָבער מיר מוזן געדענקען, אַז דאָס איז בלויז נישט מער ווי אַ מיטל צום ציל. דאָס איז נישט קיין ציל פאַר זיך. די חז"ל זאָגן: „משהתחיל לדבר מלמדו תורה וקריאת שמע ותורה צווה לנו משה". מיר מוזן אָנהייבן פון קינדוויַיז אָן מיט דער יוגנט, כדי צו לערנען איר תורה און דרך ארץ אין אונדזערע צוויי שפּראַכן.

קינדער דערפילן זייער גוט די סטרונעס פון האַרצן פון זייערע לערער. אויב דער לערער איז אַ ירא שמים און לערנט מיט די תלמי־דים מיט כוונה און דאָס וואָס ער אַליין פילט און לעבט איבער, דאַן ווערט דאָס זייער גוט איינגעפלאַנצט אין דער נשמה און אין דעם מוח פון די קינדער. דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב, אָבער ווען דאָס זיינען דברים היוצאים מן הפה, זיינען זיי נכנסים אל הפה...

מען מאַכט קיצורים פון תנ"ך כדי מקצר צו זיין די רייד פון דער תורה, אָבער דערביי איז מען מקצר די יסודות פון אונדזער צוקונפט און די הייליקע באַציאונג צו דער תורה. תורה לשמה — דאָס איז אַ באַגריף וואָס איז נאָר באַקאַנט צו אונדז יידן. עס פאַסירט אויך ביי אַנדערע פעלקער, אַז געוויסע יחידים גיבן זיך איבער צו וויסנשאַפט און פאָרשונגען, אָבער נאָר יחידים. דאקעגן ביי אונדז, יידן, איז דאָס גאַנצע פאָלק מחוייב צו לערנען. ביי אונדז איז דאָס אַ מאַסן־באַוועגונג. מיר האָבן ב"ה טויזנטער ישיבה־בחורים וואָס גיבן זיך אָפּ בלויז מיט אַבסטראַקטע גייסטיקע ענינים פון תורה, הכמה און יראת שמים. זיי גריבלען זיך אין די טיפענישן פון דער יידישער נשמה, פון אונדזער תורה און מסורה.

דער באַרימטער פראַנצויזישער פּראָפעסאָר זשיל פּאיא האָט זיך אנומלט באַקלאָגט, אַז די הויכשולן זיינען פול מיט זייער פלאַכע מענטשן, וואָס זיינען נישט דערוואָקסן צו קענען באַגרייפן די סודות פון דער וויסנשאַפט. אָבער אונדזערע ישיבה־בחורים גריבלען זיך אין די טיפענישן פון ים התלמוד און שווימען אויף זיינע שטורמישע כוואַליעס פון חכמה און בינה זייער געניט. כדי צו קענען פאַרשטיין אַ בלאט גמרא, אַ תוספות, אַ מהרש"א און אַ רמב"ם, שווימען זיי זייער טיף אין ים התלמוד און לערנען מיט גרויסער ערנסטקייט, כדי גוט צו פאַרשטיין.

דאָס לערנען תורה ווירקט זייער גוט אויך אויף די אַנדערע און אַלגעמיינע לימודים. געוויסע טאַטע־מאַמע מיינען, אַז דאָס איז נישט אַזוי און זיי מאַכן אַ גרויסן טעות. מיר זיינען דאָך שטענדיק געווען געוואוינט צו זאָגן אויף זייער אַ פעאיקן יידישן יונגערמאַן, אַז ער האָט אַ „גמרא־קאָפּ". מען האָט זייער גוט געוואוסט, אַז אַזאַ גמרא־קאָפּ קען אויך זייער גוט באַנעמען אַלע אַנדערע חכמות און וויסנשאַפטן פון דער וועלט. אָט די יידישע גמרא־קעפּ פלעגן זיך שטענדיק אויסצייכענען אין פיזיק, מאַטעמאַטיק און היסטאָרישע וויסנשאַפטן, פיל בעסער ווי נישט־יידישע „קעפּ". די מיסטעריעזע באַציאונג פון יידנטום צו תורה, וואָס איז בולט אין די הלכה־פּראָבלעמען, קען דאָס באַשטעטיקן. מיר האָבן שטענדיק פאַרשטאַנען, אַז תורה איז אַ קרוין, ווי די קרוין פון מלכות, כתר תורה. דאָס איז די קרוין פון יידישן פאָלק, צוזאַמען מיט דעם כתר מלכות. אפילו ווען ביי אונדז האָט כתר מלכות זייער לאַנג נישט עקזיסטירט, האָט אונדז אויפגעהאַלטן אין גלות דער כתר תורה. דאָס האָט אונדז אויפגעהאַלטן פאַר טויזנטער יאָרן. מיר זיינען דאָך דעם „עם הספר", אַ פאָלק וואָס האָט געגעבן דער וועלט דעם ספר הספרים. רבינו סעדיה גאון האָט געזאָגט „אין אומתינו אומה אלא בתורתנו". די תורה איז ביי אונדז דער קוואַל פון לעבן — תורת היים. ווי דער רמב"ם זאָגט אין הלכות מכות, כל חכמי" ומב־קשיה בלא תורה כמתים הם חשובים... מיר האָבן פאַרגעסן די נעמען פון אונדזערע אַמאָליקע שטעט, ווי וואַרשע, לובלין, ווילנע, קאָוונע, פרעשבורג און אַנדערע. אָבער אַזוי ווי עס זיינען דאָ ביי אונדז ישיבות אויף די נעמען פון די שטעט, לעבן זיי אויף אייביק אין אונדזער געשיכטע. ווען מען לערנט דעם גאון פון ווילנע, דעם מהר"ם פון לובלין, דעם חתם סופר פון פרעשבורג און אַזוי ווייטער, דערמאָנט מען זיך

אָן די שטעט. אַזוי אויך מיטן בית יצחק פון לעמבערג און מיטן רמא (רמ"א) פון קראָקע...

דאָס פּאַראייביקט ביי אונדז דעם עבר מיטן עתיד.

אַמאָל האָט מען ביי יידן אויפגענומען אַ רב אין אַ קליין שטעטל. האָט מען אים געזאָגט, אַז ער וועט זיין אַ רב אויף אַ גרויסן כסא הרבנות, ווייל ביי זיי ליגט באַגראָבן דער מהר"ם מלובלין, דער מהרש"א, דער מהרש"ל, דער רמב"ם און אַנדערע גדולי התורה. הערנדיק דאָס האָט דער רב מסכים געווען צו שרייבן דעם כתב רבנות. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס אַלץ איז דאָך נישט אמת... האָט דער רב געפרעגט: ס'טייטש? פאַרוואָס האָט איר מיר אַזוי אָפּגענאַרט? האָבן אים די יידן געענטפערט: מיר האָבן אייך נישט אָפּגענאַרט. מיר האָבן אייך געזאָגט דעם אמת: ביי אונדז ליגן טאָקע באַגראָבן די אַלע גאונים וגדולים, ווייל קיינער לערנט זיי נישט און קיינער דערמאָנט זיי נישט. דאָרט וואו מען לערנט זיי, דאָרטן לעבן זיי. אָבער אַזוי ווי ביי אונדז לערנט מען זיי נישט, במילא קומט דאָך אויס, אַז ביי אונדז ליגן זיי באַגראָבן...

אין דער ישיבה ביי אונדז ווערט געלערנט צו פאַרשטיין די גדולים און זיי לעבן ביי אונדז. די ישיבה איז דער המשך פון אונדזער גאָלדענער קייט. אַזוי ווערט אויסגעשמידט אונדזער קיום. דאָס מאָראַלישע לעבן איז נישט קיין פועל יוצא פון תורה נאָר אַ טייל פון דעם לעבן אויף דער באַזע פון דער תורה.

מיר ראַנגלען זיך מיט טויזנטער פּראָבלעמען אין אונדזער היינטיקער צייט, ווען די אויסערגעוויינלעכע מאָדערנע דערפינדונגען פון דער טעכניק באַדראָען די עקזיסטענץ פון דער וועלט און פון דעם מענטשלעכן מין. די מענטשהייט געפינט זיך צוליב דעם אין דער גרעסטער סכנה. די מענטשהייט האָט נישט קיין רו און אַלעמען מאַטערן די פּראָבלעמען פון דעם וואָס די צוקונפט וועט אונדז ברענגען. נאָר דאָס לערנען תורה קען אונדז ברענגען די מאָראַלישע זיכערקייט און די רו פאַר אונדזערע פאַרפּייניקטע נשמות. טעכניש האָט די וועלט זייער פיל דערגרייכט. אַ דאַנק די „דזשעטס" איז היינט צו טאָג זייער נאָענט איין לאַנד פון אַנדערן, אָבער די מענטשן זיינען נאָך אַלץ ווייט פון מענטשן צוליב דער גייסטיקער ירידה אין וועלכער די וועלט זינקט. די וועלט קען זיך ראַטעווען נאָר דורך די גייסטיקע ווערטן פון תורה, יושר און צדק. די פיזישע עקזיסטענץ אַליין איז נישט גענוג.

דאָס דערמאָנט די מעשה מיט דעם פּראָפעסאָר וואָס האָט באַוויזן צו שאַפן אַ גולם, אַזאַ מין ראָבאָט. און ווען דער גולם האָט גענומען שלאָגן דעם פּראָפעסאָר, האָט דער לעצטער געפרעגט פאַרוואָס ער שלאָגט אים. האָט דער גולם געענטפערט, אַז ער איז נאָר אַ גוף אָן אַ נשמה און אָן אַ נשמה איז ער ווילד. גיב מיר אַ נשמה — האָט ער דערקלערט ווייל אָן אַ נשמה וועל איך דיר צעשטערן און אויך די גאַנצע וועלט....

אַלעקסאַנדער דער גרויסער פלעגט אָפּגעבן מער כבוד זיינע לע־רער ווי זיינע עלטערן. ער האָט געזאָגט, אַז די עלטערן האָבן מיר געגעבן נאָר דאָס לעבן, אָבער די לערער לערנען מיט מיר ווי צו לעבן און ווי צו פירן זיך. אַ לעבן איז נישט ווערט געלעבט צו ווערן, אויב מען ווייסט נישט ווי זיך צו פירן.

נצח ישראל לא ישקר. די נצחיות פון יידישן פאָלק ליגט אין דעם וואָס מיר פעלשן נישט און טאָרן נישט פעלשן אונדזער גייסטיקן לעבן. מיר דאַרפן ממשיך זיין נאָר מיט דעם איינציקן תורה־לעבן און נאָר אַזוי אַרום וועלן מיר פאַרזיכערן די אייביקייט פון אונדזער אַלט פאָלק.

אונדזער ישיבה דאָ אין מעקסיקע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן מיט גרויס מסירת נפש דורך אַ גרופּע געטרייע תורה־עסקנים און זי איז מקיים אַלע הייליקע פּרינציפּן פון אונדזער קיום און המשך. אין גאָר אַ קורצער צייט האָט אונדזער ישיבה שוין באַוויזן צו אַרויסגעבן פיל „גמרא־קעפּלעך" מיט אַ רוח פון ידאת שמים, מיט אחריות פאַרן יידישן פאָלק און פאַר אונדזער גייסטיקער צוקונפט. מיט ליבע צום יידישן פאָלק און צו מדינת ישראל ווערן ביי אונדז אין דער ישיבה דערצויגן די תלמידים. אָבער מיר זעען, אַז לײדער ווערן פאַר־שפּרייט נישט קיין ריכטיקע קלאַנגען וועגן דער ישיבה מצד פאַראינטערעסירטע און בייזוויליקע פערזאָנען. דער ריינער אמת איז, אַז אין דער ישיבה ווערן דערצויגן קינדער וואָס זיינען געטריי צו דער תורה ומסורה, צו די הייליקע און אייביקע אידעאַלן פון אונדזער פאָלק. פאַלש זיינען די קלאַנגען, אַז עס פעלט אין דער ישיבה אהבה צו מדינת ישראל. אַלע ישראלדיקע שמחות און פייערונגען ווערן ביי אונדז זייער שיין געפייערט. דער יום העצמאות איז פאַר אונדז אַ גרוי־סער יום טוב. אויב עס געפינען זיך אפשר אין דעם קאָמיטעט פון דער ישיבה געוויסע עסקנים וואָס דענקען אַנדערש, איז די ישיבה אַלס גאַנצע נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם. אין דער רעגירונג

פון ישראל זיינען דאָך אויך פאַראַן פאַרשידענע גרופעס און עלעמענטן וואָס זיינען נישט שווה בשווה איינער מיטן אַנדערן. דער גייסט פון אונדזער ישיבה איז פול מיט ליבשאַפט און געטריישאַפט צו מדינת ישראל.

עס איז די הייליקסטע פליכט פון אַלע מעקסיקאַנער יידן צו העלפן אונדזער ישיבה, צו שטאַרקן אירע פונדאַמענטן און צו דערמעגלעכן, אַז מיר זאָלן קענען אַריינעמען וואָס מער תלמידים צו דעם נייעם זמן וואָס גרייט זיך שוין. אַלע געטרייע תורה־יידן פון שטאָט דאַרפן צו־לייגן אַ האַנט צו דער הייליקער אַרבעט. אַלע דאַרפן מיט אונדז מיט־אַרבעטן, כדי צו שטאַרקן דעם גייסט פון דער תורה אין אונדזער ישוב.

הילף צו דער ישיבה איז פּאַקטיש הילף פאַר דער גייסטיקער צו־קונפט פון דעם יידישן ישוב אין מעקסיקע. זאָל דאָס קיינער נישט פאַרגעסן איצט ווען עס הייבט זיך אָן אַ נייער שוליאָר אין מעקסיקע!

די יידישע יוגנט האָט זיך שטאַרק אידענטיפיצירט מיט פאַרשי־דענע ריכטונגען און פּאָליטישע באַוועגונגען. ליידער האָט די יוגנט נישט געפונען אַ גייסטיק־אידעאָלאָגישן און סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכן אָנשפּאַר אין די פאַרשידענע פּאַרטייען און גרופּעס.

ליידער האָט דער ציוניזם אויך נישט באַוויזן צו צוציען די יידישע יוגנט אין אַ געהעריקער פאָרם. אַפילו מדינת ישראל האָט אויך נישט באַוויזן צו ברענגען דער יידישער יוגנט נענטער צו די יידישע מקו־רות. וועגן סאָציאַליזם און קאָמוניזם מיט זייערע „וועלט־דערלייזע־רישע” אידעאַלן איז דאָך שוין אָפּגערעדט. זיי האָבן געבראַכט בלויז ביטערע אַנטוישונג און אויסגערונענע חלומות. בלויז פּאָליטישע פאַנ־טאַזיאָרן וואָס חלומען וועגן אויסבעסערן די וועלט און די מענטשהייט קענען נאָך היינט צו טאָג טראַכטן וועגן דעם. עס זיינען פאַראַן אָנ־הענגער פון די באַוועגונגען וואָס קומען אַרויס מיט פּראָטעסטן קעגן די רדיפות אויף די יידן אין רוסלאַנד, קעגן די אַראַבישע פאַשיסטישע גרופּעס וואָס ווילן אומברענגען מדינת ישראל, קעגן דער סעגרעגאַ־ציע פון די נעגערס אין נאָרד־אַמעריקע און אַזוי ווייטער. אָבער דאָס זיינען בלויז פּראָטעסטן אין וואָרט און שריפט וואָס האָבן נישט קיינע שום ממשותדיקייט. פון דעם ווערט נישט געהאָלפן אונדזער קאַמף פאַר קיום און המשך פון אונדזער פאָלק.

אונדזער יידישע יוגנט זוכט און בלאָנדזשעט ווייטער. זי זוכט עטיק ביי אַנדערע פעלקער און קולטור ביי אַנדערע נאַציאָנאַלע גרופּעס,

וואָס האָבן אַבסאָלוט נישט קיין שום שייכות צום יידנטום. שמני נוטרה את הכרמים, כרמי שלי לא נטרתי...

אונדזער יידישע עטיק און מאָראַל זיינען דאָך געווען וועגווייזערס פאַר אַנדערע פעלקער. קיינער קען קיינמאָל נישט צוגעבן עפּעס נאָך צו די עשרת הדיברות פון הר סיני, נאָר אפשר אַראָפּנעמען פון זיי... יידישקייט איז דאָך דער סאַמע קווינט־עסענץ פון עטיק. יידישקייט איז די עטיק פון אַלע עטיקס, אַזוי ווי דער תנ״ך איז דער ספר פון אַלע ספרים.

די טעכנישע „עטיק״ פון דער וועלט האָט דאָך מיאוס באַנקראָטירט. זי האָט דאָך באַוויזן נאָר צו אויפשטעלן אַ מאָרד־טעכניק, אַ לערע ווי אַזוי צו קענען אויסמאָרדן און פאַרגאַזן מיליאָנען מענטשן מיט דער גרעסטער מערדערישער אכזריות. זעקס מיליאָן יידן זיינען אַזוי אומגעקומען מיט אַלערליי מיתות משונות. טאָ ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אונדזער יוגנט זאָל זוכן עטיק אין די קרייזן פון אַזעלכע פּרעדיקערס פון „מאָראַל״, פון די דייטשן און אַנדערע פּראָפעסאָרן פון אוניווערזיטעטן?...

די יונגע דורות דאַרפן דאָך גאַראַנטירן דעם קיום און המשך פון אונדזער פאָלק. זיי דאַרפן דאָך זיין די וואָס וועלן דאַרפן זאָרגן פאַר אונדזער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין דער צוקונפט, ווייל מיר שטייען דאָך פאַר אַ פראַגע, צי מיר וועלן האָבן נאָר ווייטערדיקע דורות, אָדער מיר וועלן חלילה אונטערגיין.

ראש השנה און יום כיפור בעטן מיר דאָך אַזוי האַרציק די תפילה „אל תשליכנו לעת זקנה״. דאָס מיינט, אַז מיר בעטן ביי ג־ט אַז ער זאָל אונדז נישט פאַרוואַרפן אין אַזאַ צייט ווען נאָר זקנים און זקנות זיינען טעטיק אין יידישן לעבן... ליידער זעען מיר נאָר עלטערע מענטשן אין די לייטונגען פון די יידישע אינסטיטוציעס. אין דער קהלה, אין הילפס־פאַריין, אין פרויען־פאַריין און אין כמעט אַלע אַנדערע יידישע אַנטשטאַלטן זעט מען בלויז פאָרשטייערס פון דעם עלטערן דור. דער יוגנט זעט מען נישט. די יידישע סטודענטישע יוגנט דאַרף דאָך זיין די וואָס וועט פאַרמירן אין דער צוקונפט דעם יידישן לעבן. ליידער זעען מיר דווקא גאָר אַ גרויסע אומוויסנהייט וואָס שייך יידישקייט צווישן דער יוגנט. זיי ווייסן נישט וועגן יידישן גייסטיקן לעבן. עס הערשט אַ גרויסע עם הארצות צווישן זיי. זיי קענען נישט אונדזערע גייסטיקע תורה־קוואַלן און אונדזער גאַנצע שיינע און פּרעכטיקע קול־

טור. אַלץ וואָס פרעמדע טוען, איז גוט אין זייערע אויגן, נאָר וואָס מיר טוען איז נישט גוט.

דאָ איז געקומען דער קאָנסערוואַטיזם וואָס לאָזט זיך אַראָפּ צו דער יידישער יוגנט מיט פשרות, מיט אַ סימבאָלישער יידישקייט, וואָס איז נישט מער ווי אַ פּוסטע און אויסגעליידיקטע יידישקייט. אַנ־שטאָט צו אויפהייבן די יוגנטלעכע צו דער יידישער רעליגיע, נידערט מען אַראָפּ די רעליגיע צו די יוגנטלעכע. מען גיט נאָך אַזוי פיל, אַז עס בלייבט שוין גאָרנישט איבער. דער גאַנצער יידישער רעליגיעזער צוגאַנג ווערט אַנדערש. די יוגנט לעבט אין אַ פיזישער געטאָ־אָפּגע־זונדערטקייט פון דער נישט־יידישער וועלט, נישט דערפאַר וואָס זי וויל אַזוי, נאָר פשוט ווייל די נישט־יידישע וועלט וויל אַזוי. אָבער אין גייסטיקן און קולטורעלן זין איז אונדזער יוגנט אַסימילירט. די יוגנטלעכע לעבן אין אַ פלאַנטער און זיי ווייסן נישט אויף וואָסער וועלט זיי זיינען.

זיי לעבן נישט אינעווייניק און נישט אויסנווייניק, נאָר צווישן דער וועלט. מען בויט ספאָרט־צענטערס פאַר כלומרשטער פיזישער קולטור, אָבער קיינער זאָרגט נישט פאַר דעם גייסטיקן און קולטור־המשך פון דער יוגנט.

אויך די מוסדות החינוך האָבן נישט גאַראַנטירט דעם גייסטיקן קיום און המשך פון דער יוגנט. נאָך אַזוי פיל יאָרן פון יידישער דערציאונג — וואו איז די יידישע אָדער די העברעאישע שפּראַך אין די מיילער פון דער יוגנט? וואו איז זייער גייסטיקע קולטור, וואו איז אַ מנין שבת אָדער יום טוב אין אַ שול?...

אַלע שרייען „יוגנט, יוגנט", אָבער ווי אַזוי קענען מיר האָבן אַ יוגנט אַז זי געפינט זיך שבת אין די געשעפטן און זייער היים איז נישט שבתדיק? די טאַטעס טוען אַ קנאַפּע טובה זייערע קינדער וואָס זיי שיקן די קינדער אין די געשעפטן, און אַליין גייען זיי אין שול דאַוונען. דער־מיט ענדיקט זיך זייער שבת.

מען טענהט, אַז דער ספאָרט־צענטער איז אַ גרויסע הילף קעגן דער סכנה פון געמישטע חתונות. דאָס איז אויך נישט אמת, ווייל די פאַקטן זיינען אַנדערע. מען קען ראַטעווען אונדזער יוגנט נאָר דורך אמתדיקער יידישקייט. נאָר אַזוי איז פאַראַן אַ גוטע מחיצה צווישן יידן און נישט־יידן דאָ און איבעראַל. לײדער האָבן אונדזערע גייסטקע פירער גאָרנישט געטאָן אין דער הינזיכט פון ראַטעווען דער

יוגנט. זיי טרעפן זיך מיט די יוגנטלעכע ביי סאָציאַלע פונקציעס, ווי אויף אַ חתונה, אויף אַ שמחה, אויף אַ ברית, אָבער קאָנקרעט און ממשותדיק האָבן אַפילו אונדזערע רבנים גאָרנישט געטאָן פאַר דער יוגנט און נישט געהאַט אויף איר קיין גייסטיקע השפעה. נאָר מיט צערעמאָניעס אַליין פאַרשטאַרקט מען נישט קיין יידישקייט.

די יוגנט איז טאַקע נישט שולדיק. זי איז אַ ברויזנדע און אומרואיקע, אַ נערוועזע און זי זוכט אַלערליי וועגן, אָבער מיר האָבן איר נישט געגעבן די געהעריקע מעגלעכקייטן צו געפינען דעם ריכטיקן וועג. אַלץ וואָס מיר האָבן אין אונדזער גייסטיקן באַגאַזש האָבן מיר דאָך איבערגענומען פון אונדזערע עלטערן וואָס זיינען געווען גאַנצע און גוטע יידן. אָבער די איצטיקע יידישע יוגנט קען נישט איבערנעמען גאָרנישט. די איצטיקע עלטערן האָבן זיי גאָרנישט וואָס צו געבן...

שאל אביך ויגדך ... די עלטערן דאַרפן אויפקלערן זייערע קינדער. אָבער אַז די עלטערן אַליין האָבן נישט וואָס צו זאָגן זייערע קינדער אין גייסטיקן זין, ווי אַזוי זאָל די יוגנט דאָס דערגרייכן? אויב אַפילו אונדזערע גייסטיקע פירער האָבן זייערע קינדער נישט געגעבן קיין גוטע יידישע דערציאונג — טאָ פונוואַנען זאָלן זיי דאָס נעמען?

אָט זעען מיר ליידער, אַז אין לאַטיינאַמעריקע זיינען פאַראַן יידישע יוגנטלעכע וואָס זיינען באַגייסטערט פאַר קאַסטראָס בערד פון קובאַ און פון דער קובאַנער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע, אָבער זיי ווערן נישט באַגייסטערט פון די אַלטע יידישע בערד... זיי ווערן ניט באַגייסטערט פאַר דער יידישער רעוואָלוציע וואָס האָט געגעבן דער וועלט אַ ליכט פון תורה, מאָראַל און עטיק אויף אַלע דורות. פאַר די בערדלעך פון די ישיבה־בחורים האָבן די זעלבע יוגנטלעכע נישט קיין דרך ארץ.

דער איינציקער אויסוועג און דער איינציקער ענטפער אויף דער יוגנט־פראַגע איז נאָר אַ יידיש־רעליגיעזער און תורהדיקער חינוך. נאָר דאָס קען פאַרזיכערן דעם קיום און דעם המשך פון אונדזערע פאָלק, פון מדינת ישראל. אונדזער עתיד, אונדזער צוקונפט, קען נישט זיין פאַרזיכערט אָן דעם עבר, אָן אונדזער גלאָררייכער פאַרגאַנגענהייט. די גאָלדענע קייט פון אונדזער אמונה מוז ווייטער געצויגן ווערן און מיר מוזן זיך האַלטן ביי אונדזערע גייסטיקע קוואַלן, וואָס זיינען אומדערשעפּלעך פאַר אונדז צו טרינקען פון זיי. דורך די ישיבות קענען מיר אויפשטעלן אַ יוגנט וואָס זאָל בלייבן טריי צו אונדזער

פאָלק און צו אונדזער טראַדיציע. אַזעלכע יוגנטלעכע זיינען פאַראַן אין די פאַרייניקטע שטאַטן, אין מדינת ישראל און אין אַנדערע יידישע ישובים. זיי בלייבן טריי צו אונדז און צו אונדזערע פּראָבלעמען, זיי קומען אין שול, צו יידישע מיטינגען און אונטערנעמונגען. זיי אינטערעסירן זיך מיט אַלץ וואָס איז נוגע יידן און יידישקייט. זיי טראָגן אַ גרויסן און גייסטלעכן יידישן באַגאַזש פון עטיק און מאָראַל, פון חכמה און וויסנשאַפט, פון דעם ליכט פון אונדזער תורה, וואָס האָט דער גאַנצער וועלט געגעבן אַזוי פיל גייסטיקע ווערטן.

אין אונדזערע געזעלשאַפטן, ספּאָרט־צענטערס און קלובן דאַרף אַריינדרינגען דאָס וואָרט פון אונדזער אמונה מיט דעם אמתן תורהדיקן גייסט. דאָס וועט זיין די איינציקע רפואה פאַר דער מחלה פון אונדזער יוגנט. דאָס וועט מאַכן אַ סוף צו די געפערלעכע בלאָנדזשענישן און זוכענישן פון דער יוגנט.

מעט מן האור דוחה הרבה מן החושך.. דאָס יידישע ליכט וועט לעבעדיקער און ליכטיקער מאַכן די מוחות פון די יוגנטלעכע. מיר מוזן אויפקלערן דער יידישער יוגנט, אַז אַ לעבן וואָס איז נישט ליכטיק דורך דעם יידישן ליכט איז אַ גרויסע טראַגעדיע פון פינצטערניש פאַר דער גאַנצער צוקונפט.

# זיינען עלטערן שולדיק פאַר די זינד פון די קינדער?

די עלטערן זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער דערציאונג און גייסטיקער אַנטוויקלונג פון זייערע קינדער, ווען זיי זיינען קליין. עס זיינען פאַראַן פּסיכאָלאָגן און פּסיכיאַטרען, וואָס האַלטן, אַז די עלטערן זיינען אויך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די שפּעטערדיקע מעשים פון זייערע קינדער, ממש פון דער וויגעלע ביז צום קבר. זיי זאָגן, אַז אַלץ וואָס די קינדער טוען אין זייער לעבן איז דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך די דערציאונג פון דער היים. זיי האַלטן אויך, אַז די פּלאָג פון די אַזוי גערופענע „יוגנט־פאַרברעכנס", וואָס מערן זיך אַזוי אַליאַרמירנדיק איבער דער גאָרער וועלט, אין דער לעצטער צייט, איז אויך אַ רעזולטאַט פון שלעכטער דערציאונג פון די קינדער דורך זייערע טאַטע־מאַמע. אַט די נייע צרה איז אַ פּועל יוצא פון אַ צערודערטער וועלט, פון אַ מענטשהייט וואָס האָט פאַרלוירן די זיכערקייט אין איר קיום אויף ווייטער.

די באַרימטע פּסיכאָ־אַנאַליטישע טעאָריע פון באַרימטן יידישן געלערנטן, ד"ר זיגמונד פרויד, האָט נישט געהאָלפן צו מאַכן קלאָר דעם פּראָבלעם. עס איז אַדאַנק פרוידן געפונען געוואָרן אַ צוגאַנג צו די נערוועזע פּראָבלעמען פון מענטשן וואָס ליידן גייסטיקע יסורים, אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפן לייזן די ברייטע און אַלמענטשלעכע פּראָבלעמען.

די עלטערן באַמיען זיך דאָך מיט אַלע זייערע מעגלעכקייטן צו העלפן זייערע קינדער צו גיין אויף אַ גוטן וועג אין לעבן. די עלטערן טוען אַלץ וואָס זיי קענען כדי צו דערציען זייערע קינדער צו גוטס און צו דערפאָלג אין לעבן. זיי טוען דאָך דאָס מיט פיל

ליבע, איבערגעגעבנקייט און ממש מסירת נפש. מען שיקט די קינדער אין די בעסטע שולעס, מען לאָזט זיך קאָסטן זייער פיל געלט און צום סוף, ווען עס פּאַסירט חלילה אַן אומגליק און אַ קינד גייט אַוועק אויף אַ שלעכטן דרך, הערט מען דערשטוינט און פאַרצווייפלט און מען פאַרשטייט נישט וואָס דאָ האָט פּאַסירט.

טייל פּסיכאָלאָגן זאָגן אַז די עלטערן גופא זיינען שולדיק אין דעם, ווייל זיי אַליין אין זייער טיפן הינטער־באַוווסטזיין, האָבן נישט קיין מנוחת הנפש, קיין אמתע משפּחה־ליבשאַפט, און דעריבער קענען זיי נישט איינפּלאַנצן די אמתע מידות טובות פון די אויבנדערמאָנטע מעלות צו זייערע קינדער. די עמאָציאָנעלע פּראָבלעמען פון דעם פאָטער און דער מוטער האָבן אַן איינפלוס אויף די קינדער. אמתע ליבשאַפט צו דעם קינד דאַרף ברענגען צוריק ליבשאַפט צו די על־טערן, „כמיים פּנים אל פּנים כן לב האָדם לאָדם". און אויב עס פעלט די דאָזיקע ליבשאַפט, פאַלט ממילא אַוועק דער גאַנצער באַ־גריף פון רחמנות און פון איידעלע מידות וואָס זאָלן העלפן די יוגנטלעכע צו גיין אויף אַ גוטן וועג אין לעבן. עס פאַלן אַוועק די צוימען וואָס זיינען מסוגל צו אָפּהאַלטן דעם יוגנטלעכן פון אַוועקגיין אויף אַ שלעכטן דרך און צו טאָן שלעכטס דעם חבר, דער סביבה, אָדער אַפילו זיינע עלטערן גופא...

אונדזער תורה און די נביאים האָבן אונדז אָנגעזאָגט „חושך שבטו שונא בנו". דאָס הייסט, אַז דווקא שטרענגקייט אין דער דערציאונג פון די קינדער ברענגט גוטע רעזולטאַטן. דווקא מוסר און ענערגיע קען ברענגען אַ ליבשאַפט צו די עלטערן און צו דעם אַז די קינדער זאָלן דערצויגן ווערן אַלס גוטע און ערלעכע מענטשן. אויב נישט, קומט אויס, אַז דער טאַטע איז פּשוט אַ שונא פון זיין קינד. דער צוזאָגג פון דער תורה איז, אַז ביידע, סיי דער פאָטער און סיי די מוטער, דאַרפן זאָרגן פאַר דער גוטער דערציאונג פון זייער קינד. דער פאָטער איז דער מוח און די מוטער איז דאָס האַרץ. דער מוח דאַרף שאַפן אַן ערנסטן און שטרענגן צוגאַנג צום לעבן ביי די קינדער, נעמען אויף זיך די פולע אחריות און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר מעשים. און דאָס האַרץ פון דער מוטער דאַרף ביי דעם קינד דערוועקן געפילן פון ליבשאַפט צו דער סביבה, צו זיינע חברים און בכלל האָבן מיטלייד און מיטגעפיל מיט מענטשן וואָס ליידן, זיין גוט און אָפּגעהיט. ביידע צוזאַמען, דער טאַטע מיט דער מוטער, דאַרפן אויספאָרעמען דעם כאַראַקטער פון קינד.

די עלטערן דאַרפן זיך פיל אָפּגעבן מיט דער דערציאונג פון זייערע קינדער און אויך מיט דעם וואָס דאָס קינד לערנט אין שולע. זיי דאַרפן אַרויסווייזן דרך ארץ צו די לימודים וואָס דאָס קינד לערנט און אויך אַן אינטערעס צו די אַרבעטן וואָס דער לערער גיט אויף דעם קינד צו מאַכן אין דער היים. די עלטערן דאַרפן אין דעם אַרויס־העלפן מיט אינטערעס און מיט שמחה און נישט טאָן דאָס ווי אַן אָפּ־קומעניש. דער חינוך פון קינד אין דער היים העלפט פאַרעמען דעם קינדס כאַראַקטער און גרייט אים צו פאַר דעם מאָרגן.

אין תלמוד ירושלמי שטייט „כל תורה שאין לה בית אב אינה תורה". יעדע לערע וואָס האָט נישט קיין הויז אַלס פונדאַמענט איז נישט קיין לערע. די לערע דאַרף באַגלייט ווערן מיט פּראַקטישע מעשים פון די עלטערן, כדי צו שטאַרקן דעם יידישן גייסט פון די קינדער. די מעשים פון די עלטערן דאַרפן זיין דער שטאַרקסטער כוח אין דער דערציאונג פון זייערע קינדער. די ליכט פון שבת, צום ביישפּיל, ברענגען אַריין ליכטיקייט אין מוח פון די קינדער. און דאָס זעלבע אויך אַנדערע גוטע מעשים פון דער היים ווו מען היט אָפּ מצוות און יידישקייט. אוודאי איז גרויס די ווירקונג פון דער שולע אויף דער דערציאונג פון די תלמידים, אָבער די ווירקונג פון דער היים איז נאָך גרעסער. אין דער שולע דאַרף דער לערער ווייזן די קינדער אַ גוטן ביישפּיל און נישט אָפּקומען גלאַט אַזוי מיט שיינע אָדער פּוסטע פראַזעס. מען קען נישט אָנזאָגן קינדער, אַז זיי זאָלן זיך פירן גוט און פרום און אַליין טאָן אַנדערע זאַכן... והי" עיניך רואות את מוריך — נישט בלויז הערן שיינע ווערטער פון דעם לערער, נאָר אויך זען אין לעבן די גוטע און פּראַקטישע מעשים. אין קלאָר בילד איז ליכטיקער ווי טויזנט ווערטער.

דער בעסטער וועג צו ווייזן דער יוגנט איז צו געבן זיי גוטע ביי־שפּילן פון אָפּהיטן יידישקייט, שמירת שבת, יום טוב, ערלעקייט צו זיך און צו אַנדערע. דאָס איז פון דער גרעסטער באַדייטונג פאַר די יוגנטלעכע אויף זייער וועג אין לעבן. עס האָט אַמאָל געשריבן הרב הרוויץ ז"ל, אַז דער פּלאַץ ווו דאָס קינד לערנט דאַרף זיין ווי אַ מקום קדוש און דאָס קען שאַפן אין דעם קינד אַ באַציאונג און אַן ערנסט־קייט, אַ קדושה אין זיין יונגער נשמה. די היים און די שולע דאַרפן קאָאָפּערירן און גיין האַרמאָניש האַנט ביי האַנט אין דער דערציאונג פון דעם יונגן דור.

מיין רבי, דער מהר"ם שפּיראָ זצ"ל, דער רב און ראש ישיבה פון דער באַרימטער ישיבת חכמי לובלין, האָט געטייטשט וירק את חינוכיו, אַז אַברהם אָבינו האָט געקענט קעמפן קעגן זיינע שונאים, ווייל ער האָט געהאַט אין זיין יוגנט גרויסע גייסטיקע כוחות. און דאָס איז געקומען דורך זיין גוטן חינוך. רש"י זאָגט: „וירק את חי־נוכיו — ילדי ביתו. חנכו כתוב זה אליעזר שחנכו למצוות, והוא לשון כניסת האדם לאומנות שהוא עתיד לעמוד בה — וכן חנוך לנער, חנוכת המזבח, חנוכת הבית". (בראשית יד ־ט"ו) דער כוח פון חינוך איז, אַז דאָס קינד זאָל בלייבן ביי דעם וואָס עס לערנט אין דער יוגנט. און דערצו זיינען בייטיק די דריי זאַכן: חינוך, און די שולע פון גוטע לערערס, חינוך לנער — דאָרט ווו ער באַקומט דעם חינוך אַ גאַנצן טאָג פון זיין לערער. דאַן חנוכת הבית — די הויז דאַרף אויך העלפן דערציען און זיין אַן ערלעכע און בכבודיקע און דאָס קען נאָר זיין דאַן ווען די היים איז אַ תורהדיקע און טראַדיציאָנעלע. די גוטע דער־ציאונג פון אונדזערע קינדער קען דערגרייכט ווערן נאָר דורך חנוכת המזבח און קרבנות. אַזוי וועלן מיר קענען אויפשטעלן אַ געזונטן און גייסטיק־קרעפטיקן יידישן דור וואָס זאָל קענען קעמפן פאַר די אידעאַלן פון אַברהם אבינו, פאַר תורה און מצוות, קעגן אַסימילאַציע און די פרעמדע אידעאָלאָגיעס, וואָס רואינירן אונדזער לעבן.

מען דאַרף זיין געוואָרנט קעגן די שעדלעכע איינפלוסן פון דער גאַס און פון דער סביבה, וואָס האָבן זייער אַ נעגאַטיווע ווירקונג אויף די קינדער. שמא תגלו למקום מים הרעים. דערויף זאָגט די משנה, אַז מען קען פאַרטריבן ווערן אין פלעצער ווו דאָס גייסטיקע וואַסער איז פאַרסמט און מען גייט אַוועק אויף פרעמדע און שעדלעכע וועגן. דער רמב"ם אין הלכות מכות זאָגט, אַז תלמיד שגלה מגלין רבו עמו. מען מוז דעם רבין מיטשיקן אין גלות מיטן תלמיד, „כל מבקשיה וחכמיה בלא תורה כמתים הם חשובים". ווען דער קערפּער איז אָן אַ נשמה איז דער מענטש פונקט ווי טויט, אָן לעבן.

די גאַס ווירקט זייער שלעכט אויף דער דערציאונג פון דער יוגנט, ווייל זי איז דורכגעדרונגען מיט די פּראָבלעמען פון אונדזער צערודער־טער צייט און פון דער אַזוי גערופענער „מאָדערנער" ציוויליזאַציע. צוליב די מלחמות און בלוט־פאַרגיסונגען ווערט די מענטשהייט פאַר־ווירט און צעחושט און דאָס ווירקט אויך אויף די מוחות פון דער יוגנט.

„או חברותא או מיתותא" — עס איז דאָ אָדער לעבן, אָדער צעשטערונג פון לעבן. אויב עס איז דאָ אַ גייסטיקע חברותא, אַ גייסטיקע געזעלשאַפט, ברענגט זי אַריין אַ גייסטיקן לעבן אין די מוחות פון דער יוגנט, אָבער ווען דאָס פעלט, קומט דאָן צו „מיתתא", צו צעשטערונג און טויט, סיי גייסיק און סיי פיזיש. אויף די סכנה פון די געמישטע חתונות קומט אַרויס דערפאַר וואָס עס איז נישט פאַראַן ביי דער יידישער יוגנט קיין גייסטיקע חברותא. עס פעלט דער יידישער באַוווסטזיין, נישט בלויז ביי די קינדער און ביי די יוגנטלעכע, נאָר אויך ביי זייערע עלטערן. נאָר רעליגיעזע און טראַדיציאָנעלע יידישקייט קען אונדז אָפּהיטן פון די געפאַרן. וואָרום אויב נישט — טאָ ווו איז דער כוח וואָס זאָל קענען אָפּהאַלטן דער יוגנט פון אַוועקגיין אויף שלעכטע וועגן?

אַ גרויסער אַמעריקאַנער זשורנאַל איז אַרויסגעקומען מיט אַ סענסאַציאָנעלן אַרטיקל אין וועלכן עס איז פאַרויסגעזאָגט געוואָרן, אַז מיט דער צייט וועט דער ייד אין אַמעריקע פאַרשווונדן ווערן צוליב דער פולער פרייהייט וואָס ער האָט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אויך צוליב די געמישטע הייראַטן. זיינען יידישע פירער פון נאָרד־אַמעריקע אַרויסגעקומען מיט דערקלערונגען, אַז עס איז גאָרנישט אַזוי שלעכט און אַז די יידן וועלן נישט פאַרשווינדן פון עפנטלעכן לעבן אין אַמעריקע און נישט אַראָפּגיין פון דער אַרענע. די דערקלערונגען זיינען טאָקע געווען זייער שיינע און האָפערדיקע אָבער מיט דערקלערונגען אַליין קען מען נישט לייזן קיין ערנסטן פראָבלעם... די שענסטע דעקלאַראַציעס אין די צייטונגען אָדער אין דער עפנטלעכקייט וועלן נישט קענען מאַכן אַ סוף צו דעם ביטען פראָבלעם פון די געמישטע הייראַטן.

אין ניו־יאָרק האָט אַ רעדנער דערקלערט, אַז 60 פראָצענט פון די פאָרלעך וואָס האָבן חתונה אין געמישטע הייראַטן, גייען פאַרלוירן פאַר אונדזער פאָלק. דער ערשטער דור אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט בלויז געהאַט 1 פראָצענט פון געמישטע חתונות. איצט איז דער פראָצענט דערגאַנגען ביז 10. עס איז אַ חרפה און אַ שאַנדע אויך די דערווייטערונג און די אָפּפרעמדונג פון די יידישע אינטעלעקטואַלן אין אַמעריקע, וואָס שטייען ווייט פון יידישן לעבן. עטלעכע פון זיי, גאַנץ פראָמינענטע מענטשן, האָבן דערקלערט אָפנהאַרציק, אַז זיי וויסן נישט וואָס אַזוינס אַ ייד איז. דאָס אַליין ווירקט זייער נעגאַטיוו און שעדלעך אויף דער יוגנט. אויב די אינטעלעקטואַלן וויסן נישט דעם

אונטערשייד פון אַ ייד ביז אַ נישט־ייד, טאָ וואָס איז דער וואונדער וואָס זיי הייראַטן מיט נישט־יידן? וואָס איז דען ביי זיי דער חילוק? הן עם לבדד ישכון — ווען וועלן מיר קענען פאַרבלייבן אַ באַזונדער יידיש פאָלק? ובגויים לא יתחשב — ווען מיר וועלן זיך נישט רעכענען מיט די גויים און אָנגיין מיט אונדזער אייגן גייסטיק לעבן. מיר דאַרפן נישט זוכן קיין חשיבות פאַר אונדזער רעליגיע ביי נישט־יידן.

דער אַלטער יידישער דור האָט נאָך באַוויזן צו מיטברענגען מיט זיך אַ באַדייטנדיקן באַגאַזש פון יידישקייט פון דער אַלטער היים. אָבער אונדזער יוגנט האָט שוין נישט ליידער פון וואַנען צו שעפּן, ווייל די עלטערן גיבן נישט די קינדער קיין פונדאַמענטאַלע און טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג. די קינדער געפינען זיך צוזאַמען מיט די קריסטלעכע חברים זייערע אין די זעלבע שולעס און דער־ציאונג־אַנשטאַלטן, זיי לויפן מיט זייערע נישט־יידישע חברים איבער די זעלבע גאַסן, און זיי ווייסן נישט קיין אונטערשייד צווישן יידן און נישט־יידן. ווען דערוויסט זיך אַ יידישער יוגנטלעכער, אַז ער איז עפּעס אַנדערש? ווען ער ווערט באַליידיקט דורך אַ קריסטלעכן חבר, אָדער ווען ער קריגט פון אים אַ קלאַפּ מיט אַ געשריי „דזשו" — דאַן דערוויסט ער זיך דאָס און דאָס איז פאַר אים אַ ביטערע טראַגעדיע, וואָס ער קען נישט באַנעמען. די יידישע עלטערן האָבן נישט קיין אינטערעס צו איבערגעבן די יידישע גייסטיקע ירושה צו זייערע קינדער. דעריבער איז דאָ אַזוי פיל יידישע אומוויסנהייט און עם־הארצות. נאָר דער רעליגיעזער חינוך קען ראַטעווען דער יוגנט פון אָפּגרונט פון עם־הארצות, פון גיין אויף שלעכטע וועגן, צו פאַר־ברעכן און זינד, וואָס באַדראָען אַזוי שטאַרק אונדזער היינטיקע וועלט.

דריי פינפטל פון אַלע יידן אין די פּאַרייניקטע שטאַטן געהערן צו סינאַגאָגעס און טעמפּלען. נאָך קיינמאָל אין דער געשיכטע פון גרויסן יידישן ישוב אין אַמעריקע זיינען נישט געבויט געוואָרן אַזוי פיל נייע און לוקסוספולע טעמפּלען, וואָס זיינען אויסגעשטאַט זייער מאָדערן און מיט די גרעסטע באַקוועמלעכקייטן. נאָר דאָס אַלץ האָט נישט קיין ווירקונג אויף דער שטאַרקונג פון יידישן גייסטיקן לעבן, ווייל די שול האָט ביי די יידן אין נאָרד־אַמעריקע פאַרלוירן איר קדושה און איר גייסטיקע השפעה. דער ראַביי ווערט נישט מער ווי אַן „ענטער־טיינער", ער האַלט אונטער זיינע „מעמבערס", ער דאַרף פאַרווילן זיינע באַלעבאַטים. אַנשטאָט צו אויפקלערן זיינע באַלעבאַטים און זיי אויפהייבן צו זיך, צו דער קדושה פון אַ בית תפילה, נעמט דער

„ראַביי" אין אַמעריקע און לאָזט זיך אַרונטער צו דעם גייסטיקן ניוואָ פון די „מעמבערס" פון זיין „קאָנגרעגיישן". פון דער שול ווערט נישט קיין מקום קדוש, נאָר אַ מקום פון לייכטער פאַרוויילונג און פון הפקרות. טאָ ווי קען אַזאַ שול משפיע זיין גייסטיק אויפן יידישן לעבן?

אָדער לאָמיר נעמען נאָך אַן אַנגעווייטאָגן פונקט: דער איינפלוס פון דער טעלעוויזיע אויף דער יוגנט. דאָס איז אויך אַ שרעקלעכער פּראָבלעם. די פּראָגראַמען זיינען פול מיט סצענעס פון רויב און מאָרד, פון זנות און אויסגעלאַסנקייט. די קינדער וואָס זעען דאָס צו ווערן גייסטיק פאַרטעמפּט און ברוטאַליזירט. די פּראָגראַמען פון טע־לעוויזיע ברענגען דערצו, אַז עס זאָל זיך מערן די צאָל פון יוגנט־פאַרברעכערס. די קינדער וואָס זעען צו די פּראָגראַמען ווערן פאַר־דאָרבן, ווייל זייערע קינדערישע פאַנטאַזיעס הייבן אָן צו אַרבעטן אויף אַ שעדלעכן וועג. די קינדער מיינען, אַז דאָס וואָס זיי זעען אין קינאָ, אָדער דורך דער טעלעוויזיע, איז אַ גרויסע העלדישקייט און זיי באַמיען זיך דאָס צו נאָכטאָן אין רעאַלן לעבן.

אַ ספּעציעלע סוב־קאָמיסיע פון אַמעריקאַנער סענאַט האָט דורכ־געפירט אַן אויספאָרשונג וועגן דער ווירקונג פון די טעלעוויזיע־פּראָ־גראַמען אויף די מוחות פון דער יוגנט און עס איז קלאָר געוואָרן, אַז די פאַרוויילונגען ברענגען אַריין אַ גייסטיקן חורבן אין די מוחות פון מיליאָנען קינדער אין די פאַראייניקטע שטאַטן. די גרויסע צאָל פון יוגנט־פאַרברעכנס האָט אַ דירעקטן צוזאַמענהאַנג מיט די שעד־לעכע פּראָגראַמען דורך טעלעוויזיע, וואָס פלאַסטערן אויס דעם וועג פאַר דער פאַרברעכערישקייט. דערצו קומט נאָך צו די פּרעסע וואָס שרייבט אַזוי פיל וועגן פילם־אַקטיאָרן און זייער אויסגעלאַסענעם לעבן, וועגן דער „העלדישקייט" פון די גענגסטערס און וועגן דער גרויסקייט פון די באַרימטע פּויסט־העלדן. אין די צייטונגען ווערן געדרוקט מיט גרויסע „קעפּ" נייעס וועגן קרימינעלע אַפּערעס און וועגן סעקסועלע מאָרדן. עס ווערן אויך געבראַכט גרויסע בילדער וואָס פאַרדאַרבן נאָך מער די מוחות פון די קינדער און פון די יוגנטלעכע. ליידער ווייזט נישט די פּרעסע בילדער פון דערציאונג־אינסטיטוציעס, פון לערערס און דערציערס, בילדער וואָס זאָלן אָנרעגן די קינדער צו טראַכטן וועגן טאָן גוטס, וועגן תפילה און שלום צווישן מענטשן און פעלקער... דאָס אינטערעסירט נישט די גרויסע צייטונגען צו ברענ־גען אויף זייערע ערשטע זייטן.

ד"ר קאַרל מענינגער, אַ באַרימטער אַמעריקאַנער סאָציאָלאָג און דערציער, איז מיט דער מיינונג, אַז די עלטערן זיינען אַליין שולדיק אין דעם וואָס די קינדער האָבן זיך צוגעוווינט צו זען די שעדלעכע און מיאוסע טעלעוויזיע־פּראָגראַמען. דאָס פּאַסירט דערפאַר, ווייל דווקא די מיאסע און אויסגעלאַסענע פּראָגראַמען געפעלן די עלטערן אויך און זיי האָבן הנאה דערפון און די הנאה גייט איבער צו זייערע קינדער. נישט נאָר ווערן די פאַרברעכנס טאָלערירט, נאָר מען רימט זיך נאָך מיט זיי. טאָ ווו וועלן מיר דערגיין?

מיט אַ צייט צוריק, ווען איך בין געווען אויף אַ באַזוך אין באָ־גאָטאָ, האָב איך אין אַ לעקציע דערמאָנט ווי שעדלעך עס זיינען די שפּילצייג מיט וועלכע די היינטיקע קינדער שפּילן זיך. די מעסערס, רעוואָלווערס, קאַנאָנען און זעלנערישע מכשירים פון טויט און פאַר־ניכטונג אַנטוויקלען אין זייערע יונגע מוחות זייער נעגאַטיווע געפילן און ברענגען זיי צו אַ געוווינהייט צו באַנוצן זיך מיט אַזעלכע כלי־זין ווען זיי ווערן עלטער. דאָס איז אַזאַ מין חינוך — חנוך לנער ע"פּ דרכו גם כי יזקין לא יסור ממנו. ווען די קינדער ווערן גרעסער, האָבן זיי שוין ליב צו באַנוצן זיך מיט אַזעלכע „אמתע" שפּילצייג. דאָס ווערט אַ געוווינהייט און אַ טייל פון זייער לעבן. מיר געפינען אין חומש, אין בראשית (וירא) ותרא שרה את בן הגר המצרית אשר ילדה לאברהם מצחק — רש"י זאָגט נוטל בקשתו וירה בו חצים. ישׂ־מעאל, הגרס זון, האָט שוין קליינערהייד זיך געשפּילט מיט פייל און בויגן און מיר האָבן דערנאָך געזען וואָס פון זיין אָפּשטאַמונג איז אויסגעוואַקסן.

מען דאַרף זייער ערנסט זיך פאַרטראַכטן איבער דער נויטווענדי־קייט ראַדיקאַל צו בייטן די פּראָגראַמען פון טעלעוויזיע כדי זיי זאָלן נישט פאַרסמען און אָפּטעמפּן די מוחות פון דער יוגנט. מיט דער צייט קען דאָס ווערן גאָר אַ גרויסע געפאַר אין אַלע לענדער פון דער וועלט. מען דאַרף זען, אַז די קינדער זאָלן זען דורך ט. וו. פּראָגראַ־מען פון חכמה און שלום, פאַרברידערונג צווישן פעלקער און פון טאָן גוטע מעשים. די פּראָגראַמען דאַרפן העלפן אויסבילידן די קינדער און מאַכן פון זיי נוצלעכע און גוטע מענטשן. החיים והמות ביד הלשון, עין רואה, והלב חומד. דאָס אויג זעט און דאָס האַרץ גלוסט און די שלעכטע מעשים ווערן נאָכגעטאָן. מען דאַרף אָנפאַנגען צו דורכפירן אַ גרויסצוגיקן אויפקלערונג־קאַמפּיין צווישן די עלטערן.

די קינדער מוזן געראַטעוועט ווערן באַצייטנס פון דער שעדלעכער השפּעה.

הושך שבטו, שונא בנו. אָפּטמאָל ווערט דער זון אַ שונא דעם פאָטער, ווייל דער לעצטער האָט נישט געוווּסט באַצייטנס ווי צו זיין געגנוג שטרענג מיט אים און אָפּהיטן אים פון שעדלעכע וועגן. ווען די קינדער ווערן שלעכט דערצויגן, ווערן זיי מיט דער צייט שונאים פון זייערע עלטערן. דער זון וויל נאָך קליינערהייד האָבן אַ שיינעם אויטאָ, אַ לוקסוספולן לעבן און נישט אַרבעטן. ער ווערט אַ שונא פון טאַטן און וואַרט אויף דער ירושה מיט אומגעדולד. ליידער זעען מיר דאָס זייער אָפּט אויך צווישן יידישע פאַמיליעס היינט צו טאָג. קיין גייסטיקע ירושה אינטערעסירט נישט די היינטיקע קינדער. זיי וואַרטן נאָר אויף געלט און אויף פאַרגעניגנס ...

די קינדער וואָלטן געהאַט אויך אַן אינטערעס אין דער גייסטיקער ירושה פון זייערע עלטערן, אָבער זיי ווערן נישט צוגעגרייט דערצו.

עס איז ווייט נישט זיכער, צי אין יעדן יידישן הויז וועט איר געפינען אַ תנ"ך אָדער אַ משנה, דערפאַר אָבער וועט נישט פעלן קיין טעשל קאָרטן. מען שפּילט אין די נעכט און אָפּטמאָל בייטאָג אויך. אָט דער קאָרטן־שפּיל איז ביי יידן שטענדיק געווען אַ סינאָנים פון עם־הארצות און גייסטיקער דעגראַדאַציע. דאָס האָט פּאַסירט צו אונדזער „עם הספר", וואָס פלעגט שטענדיק שטאָלצירן, אַז עס איז איבערגעגעבן צום בוך, צום לערנען. אַמאָליקע יאָרן איז נישט געווען נייטיק, אַז יידן זאָלן זאָרגן ווי אַזוי צו „הרגענען די צייט", ווייל די צייט איז אויסגענוצט געוואָרן אויף צו לערנען און פאַרטיפן זיך אין אַ ספר. ערשט די פּוסטקייט פון יידישן לעבן אין די לעצטע יאָרן ברענגט צו לאַנגווייליקייט און צו דער נויטווענדיקייט צו „הרגענען" די צייט. מען האָט גענומען זיך צו שפּילן אין קאָרטן און אין אַנדערע דעגראַדירנדיקע שפּילן. עס קומט שוין באַלד אויס, אַז קאָרטן והספר נתנו בעולם. קאָרטן און אַ ספר זיינען אַראָפּ אויף דער וועלט צוזאַמען. און די יידן האָבן גענומען די קאָרטן ... דאָרט וווּ מען שפּילט אין קאָרטן קוקט מען נישט אויף קיין ספרים. און דאָרט וווּ מען האָט אַן אינטערעס פאַרן ספר שפּילט מען נישט אין קאָרטן.

פון אייביק אָן האָבן פילאָזאָפן און געלערנטע געזוכט דאָס גליק אין לעבן, אָבער די רעזולטאַטן זיינען געווען זייער נישטיקע ביז איצט. דער מענטש ווערט פאַרבלאָנדזשעט אויף זייטיקע וועגן און קען נישט

אַרויסקריכן. די וויסנשאַפט האָט געמיינט, אַז זי וועט קענען שאַפן אַ בעסערע וועלט פאַרן מענטשן, אָבער פון דער אילוזיע האָט זיך אויך גאָרניט אויסגעלאָזט. די וויסנשאַפט האָט באַוויזן צו שאַפן מאָדערנע דערגרייכונגען פון דער טעכניק, דאָס הייסט, אַז זי האָט פיל דער־גרייכט אויפן פיזישן געביט, אָבער גייסטיק טאַפּטשעט היינט דער מענטש אין אַ פיל געדיכטערער בלאָטע ווי אַמאָל. די בעסערע וועלט איז נאָך אַלץ נישטאָ. מען האָט באַוויזן כסדר צו אויסבעסערן די טעכנישע דערפינדונגען, אָבער נישט דאָס האַרץ פון מענטשן. דער מענטש איז געבליבן צוריקגעשטאַנען. זיין גייסט האָט נישט פּראָ־גרעסירט. דער מענטש פילט זיך נישט גליקלעך און ער איז כסדר אומרואיק און נערוועז. עס שרעקט אים די מעגלעכקייט פון טאָטאַ־לער פאַרניכטונג און אונטערגאַנג. די וויסנשאַפט האָט ניט באַוויזן צו ענדערן דעם מענטשן און מאַכן אים בעסער, ווייל זי האָט נישט איב־טערעסירט זיך מיט זיין נשמה. זי האָט געקענט אויסלערנען דעם מענטשן ווי צו פליען אין די העכערע ספערן, אָבער נישט ווי אַזוי צו אַרומגיין אויף דער ערד...

אונדזער תורה האָט שטענדיק זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם מענטשן, מיט זיין נשמה, און זי האָט אָנגעוויזן גענוי ווי אַזוי דער מענטש דאַרף זיך פירן, כדי זיין לעבן אויף דער ערד זאָל זיין גליק־לעך און נוצלעך, כדי ער זאָל קענען גיין מיט די פיס אויף דער ערד און מיטן קאָפּ דערגרייכן די הימלען. די משנה, אין אָבות, לערנט אונדז, אַז דער עיקר איז לב טוב — אַ גוט האַרץ, אַ גוט אויג און ליבשאַפט צו די מיטמענטשן. עס זיינען פאַראַן מענטשן מיט בייזע הערצער, וואָס קענען נישט ליב האָבן קיין צווייטן מענטש. זייער בייז־קייט און שלעכטסקייט מאַכט זיי טויב און בלינד. זיי הערן נישט און זיי זעען נישט די מעלות פון אַ צווייטן מענטשן. נאָר ווען מען פאַר־מאָגט אַ גוט האַרץ קען מען זען און הערן יענעם און אָפּשאַצן יענעמס מעלות.

די חז"ל נעמען אַרום דעם ענין פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער צוקונפט פון דער יוגנט און פאַר די זינד פון די יוגנטלעכע, וואָס איז דער זין פון דער ברכה „ברוך שפטרני מענשו של זה", וואָס מען זאָגט ווען אַ בחור ווערט בר מצווה צו 13 יאָר און ווערט אויפגערופן צו דער תורה? דאָס מיינט, אַז אויב דאָס קינד וועט ווייטער שטיין ביי דער תורה, דאַן איז דער פאָטער פריי פון די זינד פון דעם בחורל. אויב אָבער נישט, אויב דער בר מצווה גייט

שפּעטער אויף שלעכטע וועגן, צוליב דער שולד און נאַכלעסיקייט פון פּאָטער, איז נישט חל די ברכה „שפּטרנו". עס איז דאָך דערמאָנט אין תלמוד כשאוחזין מעשה אבותיהם — דאַן איז פּוקד עוון אָבות על בניהם.

דער פּאָניעוועזשער רב הרב כהנמאן, האָט דערקלערט, אַז אַ קינד איז אַ יתום ווען עס האָט נישט קיין עלטערן. אַ פּאָלק איז אַ יתום ווען עס האָט נישט קיין קינדער. עס איז אַ דוד יתום ווען דער דור האָט נישט דערצויגן זײַנע קינדער. מיר זײַנען אַזוי פּאַריתומט, אַז מיר קענען ניט באַשולדיקן אונדזערע קינדער, ווײַל דער אמת איז דאָך, אַז מיר זײַנען שולדיק, ווײַל מיר האָבן גאָרנישט געטאָן פּאַר זיי. די ייִדישקייט וואָס ווערט איצט פֿאַרשטאַרקט אין אַמעריקע, איז דער עיקר אַדאַנק די ישיבות, וואָס זײַנען דאָרט אויסגעבויט געוואָרן דורך רעליגיעזע עסקנים.

עס איז פֿאַראַן אַ קראַנקהייט וואָס הייסט „נאַכט־וואַנדערונג" (לונאַטיזם). האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז בײַ אַ גביר איז געווען אַ בחור וואָס האָט געהאַט די דאָזיקע קראַנקהייט. בײַנאַכט פּלעגט ער אויפֿשטיין און אָנהייבן אַרומגיין מיט אַ האַק אין האַנט. ער איז צוגעגאַנגען צו אַ שאַפֿע מיט טײַערע קליידער און זי צעהאַקט. אָבער אַזוי ווי מען טאָר נישט אויפוועקן פּלוצלונג אַזאַ קראַנקן, ווײַל דאָס שמעקט מיט סכנת נפשות, האָט מען געמוזט אים לאָזן דאָס טאָן. דערנאָך האָט ער צעהאַקט אַ טײַערן טיש מיט גאָר זעלטענע כלים. דערנאָך איז ער אַרײַן אין אַ שלאָפֿצימער, וווּ עס זײַנען געשלאָפֿן קליינע קינדערלעך. דאַן האָט שוין דער פּאָטער נישט אויסגעהאַלטן און גענומען שרײַען צו אים, אַז ער זאָל זיך אויפוועקן. האָט די מוטער געהאַט טענות צו דעם פּאָטער, באשר ער האָט דאָס געטאָן און געשטעלט אין געפֿאַר דאָס לעבן פון זייער בחור. האָט דער פּאָטער געענטפֿערט: ווען ער האָט געהאַקט די שאַפֿע און דעם טיש מיט די טײַערע כלים, האָט מיר נישט געאַרט, ווײַל דאָס קען מען צוריק אָפּקויפֿן פֿאַר געלט. אָבער ווען ער האָט געוואָלט נעמען זיך צו די קינדער, האָב איך שוין מער נישט געקענט שווײַגן און איך האָב געמוזט ריזיקירן און אים אויפוועקן...

דאָס זעלבע פּאַסירט פּאַקטיש איצט מיט אונדז. מיר זײַנען אין דער בחינה פון נאַכט־וואַנדערער, מיר גייען אַרום מיט אַ האַק און מיר צעברעכן און פֿאַרניכטן אַלץ וואָס איז גוט און טײַער. מיר צעברעכן אונדזערע שענסטע טראַדיציעס און מנהגים, אונדזערע מלבושים, אונדזערע כלים, אונדזער כשרות, אונדזערע בעטן, אונדזער

טהרת המשפחה. אָבער אַט נעמען מיר זיך שוין צו אונדזערע קינדער און מיר זיינען שוין גרייט צו טויטן זיי גייסטיק. מיר גיבן זיי נישט קיין גוטע יידישע דערציאונג. אָבער דאָ מוזן מיר זיך שוין אָפּהאַלטן און זיך אויפוועקן פון אונדזער געפערלעכן שלאָף, איידער עס ווערט צו שפּעט. מיר מוזן רופן און וועקן די עלטערן, אַז זיי זאָלן זיך באַטראַכטן וואָס זיי גייען טאָן מיט זייערע קינדער און נישט דער־לאָזן, אַז זיי זאָלן אַוועקגיין אויף שלעכטע וועגן.

די גרעסטע געפאַר פאַר אונדזער פאָלק הייַנט צו טאָג איז דווקא נישט די סכנה פון אַנטיסעמיטיזם, נאָר די אַסימילאַציע וואָס פרעסט שטיקער פון אונדזער גייסטיקן קערפּער און באַדראָט זייער ערנסט דעם קיום פון עם ישראל. ווי אַזוי קען מען צוריקברענגען אונדזערע יונגע דורות צוריק צו יידישקייט? וועגן דעם זיינען דאָ פאַרשידענע לייזונגען, וואָס עס ווענדן אָן יידן אין פאַרשידענע לענדער און איבער־הויפּט אין די פאַרייניקטע שטאַטן:

מען האָט אָנגעהייבן צו איינפירן דעם סיסטעם פון די אַזויגערו־פענע „סאָנדי סקולס" אין מעקסיקע. דאָרט קריגן די יונגע תלמידים אויפן שפּיץ מעסער אַ שטיקל אָנונג פון יידישקייט, וואָס ווערט ביי זיי באַלד אויסגעוועפּט. די קינדער האָבן דערנאָך נישט קיין שום פאַרבינדונג מיט יידישקייט. מיר מוזן זאָרגן נישט בלויז פאַר די קינדער, נאָר אויך פאַר זייערע עלטערן, פאַר דעם אַזוי גערופענעם „פאַרלוירענעם דור". דורך די קינדער קענען מיר צוריק געווינען זייערע עלטערן. והשיב לב אבות על בנים, ולב בנים על אבותם. עס זיינען דאָ זייער פיל יידן וואָס ווייסן אַבסאָליוט נישט מיט וואָס זיי זיינען יידן. זיי וועלן נישט קענען ענטפערן ווען מען וועט זיי פרעגן מיט וואָס זיינען זיי יידן.

אַ באַרימטער גר פון נאָרד־אַמעריקע, כרמל, רופט אָן די בר מצוה־צערעמאָניעס „באַרמיצוואַיטיס", מיטן נאָמען פון אַ קראַנקהייט. אַזוי איז פאַרביליקט געוואָרן די דאָזיקע פייערונג. מיר מוזן דער־הויבן און צוריק פאַרהייליקן די דאָזיקע בערעמאָניע. אויב דער בחור איז נישט גרייט צו לערנען לכל הפחות ביז 18 יאָר — און זיינע עלטערן זיינען ניט מסכים דערצו — איז די גאַנצע אַרבעט אַרויס־געוואָרפן. אַ בר מצוה איז בלויז אַ מיטל צום ציל, אָבער נישט דער ציל גופא. באין אופן נישט. דאָס דאַרף מען ענדלעך פאַרשטיין. דער אויבנדערמאָנטער גר האָט געזאָגט: אַ דאַנק דער יידישקייט האָב איך געפונען אַ רו פאַר מיין נשמה. פראַגעס וואָס האָבן שטענדיק געעק־

בערט אין מיין מוח זיינען מיר פאַרענטפערט געוואָרן. איך בין איצט גליקלעך צו זיין אַ ייד. ווען איך וואָלט נאָכאַמאָל געבוירן געוואָרן, וואָלט איך זיכער נאָכאַמאָל געטאָן דאָס זעלבע...

צו אונדזער גרויסן באַדויערן איז אונדזער יוגנט נישט געריכט געוואָרן דורך דער מוראדיקער קאַטאַסטראָפע וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק אין אייראָפּע, אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. מיר האָבן פאַרלוירן אַ דריטל פון אונדזער פאָלק. מען זעט נישט, אַז די יוגנט זאָל קומען צו די יזכור־אַקטן וואָס מיר אָרדענען אין לזכר פון די קדושים וטהורים, וואָס זיינען אומגעבראַכט גע־וואָרן דורך די נאַציישע גזלנים. מיר דאַרפן אָנפאַנגען אַ גרויסע און אינטענסיווע אויפקלערונגס־אַקציע צווישן אונדזער יוגנט, כדי איר צו אויפקלערן וועגן מהות פון יידנטום און וועגן די אויפגאַבעס וואָס ליגן איצט אויף יעדן יידן.

די גרויסע סכנה פון געמישטע הייראַטן נעמט זיך זייער פיל פון דעם וואָס אונדזער יוגנט האָט נישט ליידער קיין שום אַנונג וועגן די פונדאַמענטאַלע יסודות פון יידישקייט. הן עם לבדד ישכון ובגויים לא יתחשב. ווען עס האַנדלט זיך וועגן דעם קיום און המשך פון אונדזער פאָלק, דאַרפן מיר גייסטיק זיך אָפּזונדערן און איזאָלירן פון די אַנ־דערע פעלקער. מיר דאַרפן דאָס טאָן מיט אַלע מעגלעכקייטן און אין דער ערשטער רייע דורך בויען תורה־אינסטיטוציעס, ישיבות, העכערע יידישע לערן־אַנשטאַלטן, ווייל נאָר אַזוי אַרום וועלן מיר אונדזער יוגנט געבן אַ זין אין לעבן און איר אויסהיטן פון געמישטע חתונות.

די פינצטערע היטלער־עפּאָכע האָט דאָך קלאָר באַוויזן, אַז אַפילו די העכסטע בילדונג קען נישט אָפּהיטן דעם מענטשן פון ווערן אַ חיה, ווען ער ווערט אויפגעהעצט דורך כוליגאַנעס. דער מענטש קען אָפט נישט צוימען זיינע חייהשע אינסטינקטן. מיר האָבן דעריבער גאָרניט וואָס צו איבערנעמען זיך מיט דער „מאָדערנער" וועלט און איר ציוויליזאַציע.

אין דער משנה, אין אבות, ווערט געזאָגט, אַז דער בעסטער מיטל צו דערציען גוט די קינדער איז צו זאָרגן פאַר זייער נשמה. דאָס ווערט אויסגעדריקט: איזה דרך ישרה שיבור לו האדם? איינער זאָגט אַ גוט אויג. ווען אַ מענטש האָט אַ גוט אויג קען ער דורכדרינגען די אינער־לעכע טיפקייטן פון אַ נשמה־לעבן. איינער זאָגט „אַ גוטער חבר". ווען אַ מענטש איז אַרומגערינגלט מיט גוטע חברים, קען ער אויפטאָן גוטע זאַכן. ר"י זאָגט: גוטע שכנים. אַ גוטע סביבה קען אויפטאָן זייער פיל.

אָט דאָ האָט איר די סאַמע בעסטע און פּראַקטישסטע עצות פון אונ־דזערע הכמים פאַר דער לייזונג פון דעם ערנסטן יוגנט־פּראָבלעם און פאַר דער פאַרמיידונג פון יוגנט־פאַרברעכנס.

די פּסיכאָלאָגן זאָגן, אַז אונדזער היינטיקע עפּאָכע, וואָס צייכנט זיך אויס מיט אַזוי פיל טעכנישע דערגרייכונגען און דערפינדונגען, איז גלייכצייטיק אויך אַן עפּאָכע פון דער גרעסטער שרעק פאַרן מענטש־לעכן מין. מען האָט מורא, אַז די וועלט קען אונטערגיין אַלס רע־זולטאַט פון אַ פּלוצלונגדיקן אַטאָמישן קריג. דעריבער ווערט שטאַרק ביי מיליאָנען מענטשן דאָס געפיל פון „היום חי כי למחר נמות״. לאָמיר לעבן אַ גוטן טאָג היינט, ווייל מיר ווייסן נישט צי מיר וועלן מאָרגן לעבן. דאָס איז די שיטה פון דער אַלטער גריכישער קולטור צו רופן מענטשן צו געניסן פון לעבן, פון דעם פיזישן און מאַטעריעלן לעבן און נישט מער, צו לעבן אַ גוטן טאָג איידער עס שלאָגט די לעצטע שעה.

ביי דער יוגנט איז געוויינלעך אַ מאָדע צו רעוואָלטירן קעגן דעם עלטערן דור, ווייל זי וויל ווערן וואָס גיכער אומאָפּהענגיק. די יוגנט־לעכע ווילן אָוועקגיין פון דער אויפזיכט פון זייערע טאַטע־מאַמע. אָפטמאָל איז דאָס אַ רעוואָלט נישט בלויז קעגן די עלטערן, נאָר אויך קעגן דער סביבה אין אַלגעמיין. עס דאַרף זיין די אויפגאַבע פון די עלטערן צו אַכטונג געבן אויף זייערע קינדער אין דעם פּעריאָד פון רעוואָלט און פאַרבינדן זיך צוזאַמענרעדן מיט זיי, געבן זיי צו פאַר־שטיין וואָס זיי לוינט און וואָס נישט, וואָס עס איז גוט פאַר זיי און וואָס עס קען זיי ברענגען אין אַ שלעכטער סיטואַציע אין לעבן.

פּסיכאָלאָגן זאָגן, אַז אַזעלכע יוגנטלעכע דאַרף מען באַלד געבן פּסיכיאַטרישע באַהאַנדלונג, כדי זיי צו איבערצייגן, אַז זיי דאַרפן נישט איבעררייסן מיט דער סביבה און פאַרזעצן זייערע לימודים, אויב זיי רייסן זיי איבער. די פּסיכיאַטרען דאַרפן זיך באַמיען צו איבערצייגן די יוגנטלעכע, אַז זיי טאָרן נישט און קענען נישט אָפּזונדערן זיך פון דער סביבה, ווייל דאָס וואָלט געהייסן אַנטלויפן פון זיך אַליין. די יוגנטלעכע קענען איבערצייגט ווערן נאָר דורך אַ גייסטיקער באַהאַנד־לונג. אַנדערע מיטלען קענען אַמאָל אַנשטאָט נוצן ברענגען שאָדן.

אויף דעם וועג פון גייסטיקער און פּסיכיאַטרישער באַהאַנדלונג וועלן מיר קענען אויסמיידן, אַז די יוגנט זאָל אַוועקגיין אויף שלעכטע וועגן

און אַז עס זאָל פאַרמערט ווערן די צאָל פון יוגנט־פאַרברעכנס. **רק אין יראת אלקים במקום הזה — והרגיני על דבר אשתי.**

נאָר דורך אַריינברענגען **יראת שמים** אין די **הערצער פון דער** יוגנט, וועלן מיר קענען זי ראַטעווען פון דער געפאַר פון יוגנט־פאַר־ברעכנס.

# ווי אַזוי פאַרמיידט מען געמישטע הייראַטן?

מיר זיינען שטאַרק באַזאָרגט אין דער לעצטער צייט צוליב דעם ערנסטן און ביטערן פּראָבלעם פון די געמישטע חתונות, וואָס ווערן ליידער אַלץ מערער און מערער. דאָס איז אַן ענין וואָס פאַרשאַפט אונדז זייער פיל פּיין און צער און מיר באַמיען זיך מיט אַלע אונ־דזערע מעגלעכקייטן צו געפינען אַן אויסוועג, אַן עצה ווי אַזוי צו אָפּשטעלן די מגיפה.

אין די פאַרייניקטע שטאַטן איז באַזונדערס ערנסט דער פּראָבלעם און דער דאָרטיקער גרויסער און מעכטיקער יידישער ישוב קען זיך מיט דעם קיין עצה נישט געבן. אויך אין אַנדערע פרייע און דעמאָקראַטישע לענדער, איבערהויפּט אין צפון און מערב־אייראָפּע, איז דאָ אַ גרויסער פּראָצענט פון געמישטע הייראַטן. אַלע יידישע עסקנים און מנהיגים פילן, אַז דאָס איז גאָר אַן ערנסטע פראַגע, ווייל עס שטייט אין קאַן די צוקונפטיקע עקזיסטענץ פון אונדזער פאָלק. דעריבער ווערט דער פּראָבלעם אַזוי אָפט דיסקוטירט און באַהאַנדלט אויף יידישע וועלט־אסיפות.

מיר האָבן אין אונדזער געשיכטלעכער פאַרגאַנגענהייט נישט גע־האַט צו טאָן מיט אַזאַ סכנה. אַפילו אין די סאַמע ערגסטע און בי־טערסטע צייטן פאַר אונדזער פאָלק, האָבן מיר שטענדיק געגלויבט אין דער אייביקייט פון אונדזער פאָלק און אין נצח ישראל לא ישקר, אַז די נצחיות פון יידישן פאָלק וועט נישט פאַרלייקנט ווערן. דאָס איז געווען אַמאָל, ווען די אמונה ביי יידן איז געווען אַ פעסטע און זיכערע. אָבער היינט צו טאָג, ווען די יידישע אידעאַלן ווערן פאַר־בלאָסט און פאַרוואַסערט, צוליב דעם שעדלעכן איינפלוס פון דעם

„מאָדערניזם" און פון פרעמדע קולטורן, איז די סיטואַציע אַן אַנדערע: יידן פאַרנעמען זיך מיט לייזן וועלט־פּראָבלעמען, אָבער זיי היטן ניט אָפּ זייער אייגענעם לעבן: שמני נוטרה את הכרמים כרמי שלי לא נטרתי. אָט דעריבער קומט אויף די געפאַר פון „ישקר". מיר קענען נישט יוצא זיין מיט אַ קרעכץ און מיט אַ שיינער רעדע, נאָר מיר מוזן דעם ענין באַהאַנדלען מיט דער גאַנצער ערנסטקייט און זיך דערגרונטעווען צו די אמתע סיבות פון דעם פּראָבלעם פון געמישטע הייראַטן. ווער און וואָס איז שולדיק אין דעם טרויעריקן מצב?

עס איז קלאָר, אַז דער גרעסטער חסרון איז וואָס אונדזער יוגנט ווערט נישט דערצויגן אין פונדאַמענטאַלן יידישן גייסט. אונדזערע יוגנטלעכע זיינען ביאָלאָגישע יידן, דאָס הייסט זיי זיינען יידן נאָר דערפאַר ווייל זיי זיינען אַזוי געבוירן געוואָרן. זיי ווייסן נישט וואָס אַזוינס יידישקייט איז און זיי ווערן אויסגעוואָרצלט פון דער אמתער טראַדיציאָנעלער סביבה. זיי האָבן כמעט קיין פאַרבינדונג נישט מיט זייערע עלטערן און מיט זייער פאַמיליאַרער סביבה. עס פאַלן אַוועק ביסלעכווייז די מחיצות צווישן יונגע יידן און יונגע נישט־יידן און די געפאַר ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער.

כדי דאָס צו פאַרמיידן מוזן מיר געבן אַ געזונטע יידישע דערציאונג אונדזערע קינדער. און נישט בלויז אַ „מאָדערנע" און וועלטלעכע יידישע דערציאונג, נאָר טאַקע אַ תורההדיקע און טראַדיציאָנעלע רעליגיעזע דערציאונג. נאָר אַזאַ חינוך קען דער יוגנט געבן אַ זין אין לעבן און איר באַוווסטזיניק מאַכן וועגן די געפאַרן וואָס שטעקן אין די געמישטע חתונות. אַזאַ רעליגיעזע דערציאונג וועט שאַפן די געהעריקע מחיצה צווישן אַ ייד און אַ נישט־ייד און עס וועט נישט קומען צו קיין געמישטע הייראַטן. עס איז דאָך נישט מעגלעך, אַז אַ ייד וואָס איז מקיים די מצוות און האָט אַ טראַדיציאָנעלן בליק אויפן יידישן לעבן, וואָס היט אָפּ שבת און יום־טוב, זאָל גאָר אַפילו טראַכטן וועגן הייראַטן מיט אַ נישט־יידן. דאָס זיינען דאָך גאָר צוויי וועלטן.

עס איז דאָ אַ פּלוגתא צווישן יידישע סאָציאָלאָגן און פּובליציסטן וואָס פאַרנעמען זיך אָפּט מיט דעם פּראָבלעם. אַ טייל האַלטן, אַז ווען אַ יידישער יונגער מאַן אָדער אַ מיידל האָט חתונה מיט אַ נישט־יידישער מיידל אָדער יונגערמאַן, ווערט דער יידישער טייל פאַרלוירן און אָפּגעריסן פון יידישן פאָלק. אַנדערע ווידער זאָגן, אַז אין פיל פאַלן פאַסירט, אַז דאָס יידישע פאָלק ווערט פאַרגרעסערט דורך דעם וואָס געוויסע יונגע קריסטן אָדער קריסטינס זיינען זיך מגייר און

ווערן פאַרמעל יידן. עס איז נישט פעסטגעשטעלט דערוויל אויף זיכער ווער עס האָט רעכט אין דער דיסקוסיע. אָבער אַ פאַקט איז, אַז קיין געזונטע יידישע דורות קומען נישט אַרויס פון אַזעלכע גע־מישטע קייראַטן, אַפילו וועןביידע צדדים זיינע מסכים צו דערציען זייערע קינדער צווישן יידן און אין יידישע שולעס. און עס איז דאָך באַקאַנט, אַז לויט דער הלכה איז אַ קינד וואָס שטאַמט פון אַ נישט־יידישער מוטער אַ גוי. אַזוי אַרום, אַז אין אַלע פאַלן ברענגען אונדז די געמישטע הייראַטן פיל צרות און פראָבלעמען. אַפילו ווען די קינדער פון די געמישטע חתונות זאָלן נישט גיין זונטיק אין קלויס־טער, גייען זיי שבת אויך נישט אין שול. און טאָמער זיינען זיי זיך נישט מגייר, גייען זיי פאַרלוירן אינגאַנצן פאַר אונדזער פאָלק.

עס איז מער ווי זיכער, אַז קיין המשך און קיום קען נישט אַרויס־קומען פון אַזאַ דור און דעריבער טאָרן מיר נישט וואַרטן ביז עס קען חלילה ווערן צו שפּעט. מיר דאַרפן פריער זאָרגן דערפאַר און שאַפן די געהעריקע און פונדאַמענטאַלע יסודות פאַר אַ געזונטער און טראַדיציאָנעלער־רעליגיעזער יידישער דערציאונג, וואָס זאָל שעפן אירע וואַרצלען פון די אייביקע תורה־קוואַלן. נאָר דאָס קען שאַפן אַ געזונטן יידישן דור, אַ דור וואָס זאָל גלויבן אין „שאל אביך ויגידך, זקניך ויאמרו לך". אַזאַ דור וועט ווייטער ציען אין פאַרזעצן די אַלטע יידישע טראַדיציעס, וועט בויען ישיבות און וועט טאָן אַלדאָס מעג־לעכע פאַר דער שטאַרקונג פון יידישקייט. דאָס וועט אָפּהיטן אונדזער יוגנט פון דער גרויסער סכנה פון אַסימילאַציע. דער רמב"ם זאָגט, אַז ווען אַ ייד האָט חתונה מיט אַ קריסטלעכער טאָכטער איז ער עובר אויפן „כי יסור את בנך מאחריך" — ווייל אין אַזאַ פאַל וועט נישט זיין קיין המשך פאַר אַ נייעם יידישן דור.

ביסלעכווייז זיינען געפאַלן די מחיצות וואָס האָבן אין משך פון טויזנטער יאָרן אונדז אָפּגעהיט פון די איינפלוסן פון דער נישט־יידישער וועלט. דער אָנהייב איז געמאַכט געוואָרן דורך די „מאָדער־ניסטישע" אויסטייטשער פון יידישקייט, וואָס האָבן צוגענומען די מחיצה אין שול צווישן מענער און פרויען. ווייטער איז אַוועק אַ גאַנג פון באַזייטיקן אַנדערע מחיצות, וואָס זיינען געווען אַ גאַראַנטיע פאַר אַ געזונט און מאָראַליש יידיש לעבן. די „מאָדערנע" רעליגיעזע פי־רער פון די פאַרייניקטע שטאַטן האָבן גענומען איינפירן אַזאַ מין „אינטערפעיט", אַ קאָנטאַקט צווישן פאַרשידענע רעליגיעס, וואָס לאָזט זיך שטענדיק אויס צום שאָדן פון דער תורה ומסורה. דער ליובאַ־

וויטשער רבי, הר"מ שניאורסאָן שליט"א, האָט שוין קאַטעגאָריש און קלאָר פעסטגעשטעלט, אַז דער „אינטערפעיט" האָט דירעקט געפירט צו די געמישטע הייראַטן אין אַמעריקע. עס איז נישט געקומען צו קיין דערנעענטערונג צווישן פאַרשידענע גלויבנס, נאָר אַן אויסמישונג.

מיר דאַרפן טאַקע האָבן רעספּעקט פאַר די פאַרשטייער פון אַנדערע רעליגיעס און באַמיען זיך צו איינשטעלן אַן אַטמאָספער פון טאָלעראַנץ און קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג, אָבער אַלץ האָט דאָך אַ גרענעץ. דאָס פירן „דיאַלאָגן" צווישן יידן און נישט־יידן אויפן רעליגיעזן געביט ברענגט צו אַ חורבן פאַר יידישקייט און ברעכט אונטער די פונדאַמענטאַלע יסודות פון אונדזער דת. מיר גלויבן נישט אין יידישער מיסיאָנערישער טעטיקייט און מיר ווילן נישט צונעמען די קריסטן פון זייער רעליגיע. מיר ווילן בלויז, אַז אונדזערע יידן זאָלן ווייטער אָנהאַלטן זייער יידישקייט. אונדז אינטערעסירט נישט צו פאַרגרעסערן די צאָל פון אונדזער פאָלק דורך מגייר זיין די נישט־יידן. מיר גלויב, אַז „כי כל העמים ילכו בשם אלהיו ואנחנו בשם ה' אליקנו" (תהילים).

די באַוועגונג פון „אינטערפעיט" האָט געפירט צו די געמישטע הייראַטן. וועגן דעם קען גאָר קיין צווייפל נישט זיין. ווייל ווען די יסודות פון יידישקייט זיינען נישט קיין שטאַרקע און ווען אונדזער יוגנט זעט ווי עס חברן זיך רבנים מיט גלחים, להבדיל, נעמט זי טראַכטן, אַז „ביי זיי איז אפשר שענער און בעסער". ווען אַ רעליגיעזער פירער פון איין אמונה קומט רעדן אויף דער בימה איז אַ טעמפּל פון אַ צווייטער רעליגיע, פאַלן אַוועק מיט דער צייט די מחיצות וואָס טיילן אָפּ יידישע יוגנטלעכע פון נישט־יידישע. מיר דאַרפן פירן דיאַלאָגן ניט מיט פאַרשטייער פון אַנדערע רעליגיעס, נאָר גיכער מיט אונדזער אייגענער יוגנט, כדי צו פאַרשטאַרקן ביי איר דעם יידישן באַוווסטזיין און דעם נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן שטאָלץ. מיר דאַרפן דערברענגען אונדזערע יוגנטלעכע נענטער צו די עכטע קוואַלן פון דער תורה און רעליגיעזער אויפוואַכונג. דער גרעסטער און ערגסטער שונא פון יידישקייט איז עם־הארצות. מען קען נישט פאַרגלייכן די פריערדיקע יידישע דורות צו די איצטיקע. פריער, ווען איינער האָט געפרוווט זיך אָפּפרעמדן פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט, האָט ער כאָטש געהאַט אַ גוטע באַזע פון לערנען תורה, פון אַ געזונטער יידישער דערציאונג. אַפילו די כלומרשטע אַפּיקורסים זיינען געווען געלערנטע יידן און בקי אין תורה און אין

מצוות. היינט אָבער איז די לאַגע אינגאַנצן אַנדערש. דער באַגאַזש פון אונדזער יוגנט אין דער הינזיכט פון יידישקייט איז זייער אַ לייכ־טער. די יוגנט איז גלייכגילטיק צו יידישקייט און עס קומט איר אָן זייער לייכט צו אַנטלויפן פון אַלצדינג. די יוגנטלעכע פילן נישט, אַז יידישקייט איז זייער אַ גרויסער כוח אין יידישן לעבן. זיי מיינען, אַז די „מאָדערנע" יידישקייט פאַרפליכטעט צו גאָרנישט און פאָדערט נישט קיין קרבנות, ווייל זיי זעען דאָך ווי זייערע אייגענע מנהיגים פאַרלאַנגען פון זיך און פון זיי גאָרנישט... עס ווערט געשאַפן אַן איבערפלעכלעכע יידישקייט וואָס האָט נישט קיין שום אחיזה אין די טיפעניש פון דער יידישער נשמה און וואָס דער ווינט קען אַוועק־בלאָזן זייער שנעל.

מיר זעען, אַז אונדזער יוגנט נעמט אָן אינטערעס אין אַלוועלט־לעכע פּראָבלעמען. די יידישע אַקאַדעמישע יוגנט אינטערעסירט זיך מיט דעם וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט און איז גרייט צו קעמפן פאַר יושר און פאַר סאָציאַלער גלייכהייט אויף אַנדערע פראָנטן, נישט אויף קיין יידישע. זי גייט אין „שלום־קאָרפּוס" אין נאָרד־אַמערי־קע, זי איז גרייט צו העלפן אַנדערע און פרעמדע פעלקער און לענ־דער, אָבער צו אַריינבנעמען די יוגנטלעכע אין אונדזערע אייגענע רייען און ברענגען דערצו, אַז זיי זאָלן זיין גרייט צו העלפן לייזן אונדזערע אייגענע פּראָבלעמען — דאָס קענען מיר נישט. זיי פילן דאָס נישט און ווייסן נישט, ווייל זיי זיינען נישט דערצויגן געוואָרן אין רעלי־גיעזן גייסט. עס פעלט ביי זיי די פאַרשטענדעניש און דער אינטערעס פאַר אונדזערע גייסטיקע פּראָבלעמען.

מיר האָבן נישט באַוויזן צו שאַפן אין די הערצער און אין די מוחות פון דער יוגנט אַ געפיל פון אחריות פאַר דעם יידישן קיום, וואָס זאָל איר באַוועגן צו זוכן גייסטיקע תשובות אויף אירע פּראָ־בלעמען אין דער היינטיקער וועלט. אָט זעען מיר, אַז אונדזערע יוגנטלעכע זיינען גרייט צו פּראָטעסטירן שאַרף קעגן די דיסקרימי־נאַציעס אויף דער יידישער רעליגיע אין רוסלאַנד, אָבער זיי אַליין דאָ זיינען ווייט פון רעליגיע... אין די פאַראייניקטע שטאַטן גייט די יידישע יוגנט אויף קרבנות ממש אין דעם קאַמף פאַר גלייכע רעכט פאַר די נעגערס און קעגן סעגרעגאַציע. דאָס איז אַ קאַמף וואָס האָט נישט צו טאָן מיט יידישקייט. קאַטאָליקן און פּראָטעסטאַנטן זיי־נען אויך אַקטיוו אין דער באַוועגונג אין אַלאַבאַמאַ און מיסיסיפּי.

מען פרעגט נישט ווער עס איז אַ ייד, נאָר פאַרוואָס מען איז אַ ייד. די יוגנט פאַרשטייט נישט פאַרוואָס דאַרף זי בלייבן יידיש.

די יידישע יוגנט וואָס ווערט דערצויגן אין אַ געזונטן און רע־ליגיעזן גייסט נייטיקט זיך נישט צו שטעלן אַזעלכע פראַגעס. זי פילט, אַז דאָס זיין יידן איז אַ גרויסע פּריווילעגיע און אַ גרויסער כבוד, אַז די השגחה אַליין האָט באַשטימט, אַז די יידן איבער דער וועלט זאָלן אייביק עקזיסטירן, כדי צו אַריינברענגען דאָס ליכט פון דער תורה און פון דעם גרויסן יידישן מאָראַלישן גייסט צווישן די פעלקער. אָבער ווען יידישע יוגנטלעכע — אין אַמעריקע און אויך אין מעקסיקע — באַקומען זייער יידישע דערציאונג אויפן שפּיץ מעסער, קענען זיי שטעלן פראַגעס פאַרוואָס דאַרפן זיי זיין יידן און וואָס איז דער „מער" מיט די וואָס ווילן זיין יידן . .

# קאָנסערוואַטיזם און רעפאָרם

מיר ווייסן ווו עס הייבט זיך אָן, אָבער מיר קענען נישט וויסן ווו עס ענדיקט זיך . . . דאָס דאַרף זיין אונדזער ענטפער צו די אַלע וואָס פאַרלאַנגען „נישט מער" ווי קליינע שינויים אין תורהדיקן לעבן.

די פאָטערס פון דעם רעפאָרם־יידנטום, ר׳ אַברהם גייגער, דער ברעסלויער רב און אַנדערע, האָבן זיכער נישט געקענט זיך פאָר־שטעלן, אַז זייער רעפאָרם וועט דערגיין אַזוי ווייט, ווי דאָס איז שוין דערגאַנגען היינט צו טאָג אין די פאַרייניקטע שטאַטן. זיי האָבן נישט געקענט פאָרשטעלן זיך, אַז זייער איניציאַטיוו וועט ברענגען דערצו, אַז יידישקייט וועט שטיין אין אַ גרויסער סכנה צוליב דער אַסימי־לאַציע. ווען די דאָזיקע איניציאַטאָרן פון דער רעפאָרם־באַוועגונג אין דייטשלאַנד, און די אַזוי גערופענע „נעאָלאָגן" פון טשעכאָסלאָ־וואַקיע, וואָלטן געקענט זען ווי אַזוי זייער באַוועגונג האָט זיך אַנט־וויקלט און וואָס עס איז מיט דער צייט געוואָרן פון די „בלויז קליינע ענדערונגען" אין יידישן וועג פון אָפּהיטן די געבאָטן פון דער תורה — וואָלט זיי פשוט זיך געריסן קריעה. אָט אַזאַ מין טראַגישן חורבן אין יידישן רעליגיעזן לעבן האָט געבראַכט זייער רעפאָרם. זייער „קליינע" ענדערונג האָט דערפירט פאַקטיש נישט נאָר צו אַסימילאַ־ציע נאָר אויך פשוט צו שמד. די אייניקלעך פון די רעפאָרם־טעאָרע־טיקער פון אַמאָל האָבן דאָס געמאַכט פשוטער און ראַדיקאַלער: זיי האָבן מיט איין שניט איבערגעריסן אַלע פעדים וואָס האָבן זיי פאַר־בונדן מיט יידישקייט. זיי האָבן איבערגעריסן אַפילו מיט דער „רעפאָרם" פון זייערע זיידעס און געוואָרן פאָלנע גויים.

די גרעסטע קרבנות פון דער רעפאָרם־באַוועגונג זיינען מיט דער צייט געוואָרן די רעפאָרמירטע יידן אַליין. זיי זיינען אָפּגעריסן גע־וואָרן פון די עכטע קוואַלן פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט און קאַ־

פּיטשולירט פאַר דעם שונא — פאַר דער אַסימילאַציע און פאַר דעם קלויסטער. לעצטנס האָבן שוין די רעפאָרם־ייִדן אַליין אָנגעהייבן זיך אַרומזען, אַז זיי זיינען צו ווייט אַוועק מיט זייער באַוועגונג און זיי באַמיען זיך שוין, אויף זייערע צוזאַמענפאָרן, צו אונטערשטרייכן אין ספּעציעלע רעזאָלוציעס, אַז זייער זאָרג איז פאַר דער עקזיס־טענץ פון דער ייִדישער אומה. אין די רעזאָלוציעס ווערט דערמאָנט, אַז אַלע רעפאָרם־ייִדן און אַלע מאָדערנע קאָנסערוואַטאָרן דאַרפן טאָן אַלץ פאַר דער ווייטערדיקער אויפהאַלטונג פון דער עקזיסטענץ פון דעם ייִדישן פאָלק.

אָבער די פּאַפּירענע רעזאָלוציעס און די שיינע פּראָזעס מיינען גאָרנישט, אויב זיי ווערן נישט באַגלייט גלייכצייטיק מיט גוטע און פּראַקטישע מעשים. נאָר מיט דעקלאַראַציעס אַליין קען מען נישט ממשיך זיין דעם קיום פון אונדזער פאָלק. דאָס אַליין איז ווייניק. מען דאַרף טאָן מעשים, מען דאַרף פאַרבינדן דעם ייִדישן הווה מיטן עבר, כדי עס זאָל אַרויסקומען אַ גוטער עתיד פאַר אונדזער פאָלק... ווען מען רייסט איבער מיט די יסודות פון אונדזער אמונה, פאַרלירט מען די גאָלדענע קייט פון יהדות און ממילא ווערט געשטעלט אין דער גרעסטער סכנה די סאַמע עקזיסטענץ פון אונדזער פאָלק אויף דער וועלט.

אין אונדזער מאָדנער צייט פון „מאָדערניזם" איז שוין געוואָרן מעגלעך, אַז אַ „ראַביי" פון די פאַרייניקטע שטאַטן האָט זיך גאָר דערקלערט אַלס „אַטעאיסט". איר האָט שוין געהערט אַזאַ מין זאַך? אַ „ראַביי", כלומרשט אַ רב ביי ייִדן, וואָס דאַרף אַריינברענגען ליב־שאַפט צו ג־ט אין די הערצער פון ייִדן און יראת שמים, דערקלערט זיך פאַר נישט קיין גלויביקער אין רבונו של עולם. דאָס איז דער טרויעריקער רעזולטאַט פון דער רעפאָרם־ייִדישקייט, וואָס גלויבט נישט אין דער הייליקייט פון דער תורה און אַז דער גאַנצער יסוד פון ייִדישקייט איז אָן המשך פון הר סיני, ווו ג־ט האָט געגעבן די תורה צו משה רבינו פאַרן ייִדישן פאָלק. יענער צעדרייטער ראַביי האָט געזוכט אַ טעמע וועגן וואָס צו רעדן, אָדער סתם זיך צו מאַכן „פּאָפּולער", האָט ער אויסגעפונען אַ געשיכטע מיט „אַטעאיזם". דאָס איז כלומרשט זיין „גאָט".

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דער ערשטער רעפאָרם־טעמפּל אין די פאַרייניקטע שטאַטן האָט זיך געגרינדעט אין יאָר 1824 אין טשאַרלסטאָן, אַלס טייל פון אַ ספרדישער שול. די ערשטע רעפאָרם־

יידן האָבן נאָר געוואָלט, אַז דאָס דאַוונען זאָל ווערן פאַרקירצט, מען זאָל דאַוונען אין ענגליש און מיט פיינע מאַניערן. דאָס איז געווען די התחלה. מיט דער צייט האָבן די רעפאָרמער אָנגעהייבן צו איינפירן אַלץ נייע מאָדעס, אַ נייעם סידור, אַ כאָר פון שיקסעס, אַן אָרגל אין שול, אָפּגעשאַפט די מחיצה צווישן מענער און פרויען און געטאָן אַלץ כדי צו צופּאַסן יידישקייט צו די גויאישע מנהגים און אומשטענדן. דער סוף איז געווען, אַז די רעפאָרם האָט אינגאַנצן לויז געמאַכט אַלע קייטן וואָס האָבן זיי פאַרבינדן מיט יידישקייט. אָט דאָס איז דער פּראָבלעם וואָס מיר האָבן פריער אונטערגעשטראָכן: מען ווייסט ווו עס הייבט זיך אָן, אָבער מען קען נישט וויסן ווו עס וועט זיך ענדיקן...

דער קאָנסערוואַטיזם ווידער האָט אָנגעפאַנגען מיט אַן אַנדער צוגאַנג אין זיינע ענדערונגען פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט און פון די יסודות פון אונדזער אמונה. די קאָנסערוואַטיווע יידן זאָגן אַז די יידישע אמונה איז נישט פיקסירט אין אַלע פּרטים פון דעם הויפּט־יסוד פון אנכי ה׳ ביז אַלע מנהגי ישראל תורה היא. עס איז נישט קיין הלכה למשה מסיני — זאָגן זיי — אַז אַלץ איז אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן אין דער תורה. זיי גיבן צו, אַז יידישקייט איז אַ לאַנגער פּראָצעס פון היסטאָרישן כאַראַקטער, וואָס איז געענדערט געוואָרן אין פאַרלויף פון די דורות. קומט אויס לויט זיי, אַז מען קען און מען מעג אויך אַריינפירן ענדערונגען איצט, כדי צו צופּאַסן די יידישקייט צו די נויטווענדיקייטן פון דער היינטיקער צייט. איינער פון די קאָנסערוואַטיווע ראַבייס האָט זיך אָנומלט אויסגעדריקט, אַז דער שולחן ערוך האָט זיך אַריבערגעלעבט און איז שוין מער נישט צוגעפּאַסט פאַר אונדזער צייט און דעריבער וואָלט געווען פּראַקטיש און געוואונטשן צו צוריקגיין צו דער צייט ווען ער איז נאָך נישט פאַרפאַסט געוואָרן.

די קאָנסערוואַטיווע שיטה האָט גענומען מאַכן ענדערונגען איינע נאָך דער אַנדערער. זיי האָט אויך צוגענומען די מחיצה אין שול צווישן מענער און פרויען, צוגענומען די בימה פון מיטן און ווען מיר קוקן זיך צו צו די מיטלען מיט וועלכע זיי באַמיען זיך צו אַריינציען די יוגנטלעכע אין זייער שול, ווערט אונדז פשוט פינצטער אין די אויגן. די ראַבייס אָרגאַניזירן פאַרווייַלונגען און טענץ. מען גיט לעקציעס אין די מאָדערנסטע טענץ. ווען עמיצער האָט געפרעגט אַזאַ ראַביי אין אַמעריקע פאַרוואָס דערלויבט ער אַזעלכע

טענץ אין שול, האָט ער געזאָגט, אַז פאַרוואָס נישט? די חסידים טאַנצן דאָך אויך אין שול...

דער ראַביי מאַכט זיך בלינד און טאַמעוואַטע. ער מאַכט זיך כלומרשט נישט וויסנדיק, אַז עס איז דאָ גאָר אַ גרויסער אונטערשייד צווישן די טענץ פון די חסידים און די טענץ פון דער יוגנט אין שול. די חסידים טאַנצן נישט מיט קיין פרויען אין שול, זיי טאַנצן נישט קיין אויסגעלאַסענע און שענדלעכע טענץ, נאָר זיי טאַנצן פון התלהבות מיט ג־ט אין האַרצן און פון ענטוזיאַזם מיט עבודת הבורא, מיט גייסטיקער דערהויבונג, מיט יראת שמים, נישט מיט ליצנות, נישט מיט הפקרות, נישט מיט פאַרשוועכונג פון קדושה.

פונקט ווי מען קען נישט אַראָפּנעמען פון די יסודות פון יידישקייט, אַזוי טאָר מען אויך נישט צוגעבן קיין נייע זאַכן, ווייל דאָס הייסט געבראָכן די פונדאַמענטן פון אונדזער אמונה. כל המוסיף גורע. מיר זיינען איבערצייגט, אַז נישט מיר זיינען ראוי און באַרופן צו איינפירן ענדערונגען. כל הפטור מדבר ועושהו נקרא הדיוט. מיר קענען נישט טאָן אַליין זאַכן אויף אייגענע אחריות, ווייל דאָס איז קעגן די הייליקע פרינציפּן פון אונדזער תורה.

דווקא אַ מאָדערנער רב פון אַמעריקע האָט דאָ נישט לאַנג צוריק געוואָרנט, אַז דער קאָנסערוואַטיזם און די רעפאָרם־באַוועגונג ברענגען אונטער די יידישקייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זיי סעקולאַריזירן די תורה און די דינים. זיי דערלויבן יעדן איינציקן ראַביי צו שאַפן זיינע אייגענע דינים און צו אינטערפּרעטירן די תורה ווי דאָס לוינט פאַר אים אין יעדן מאָמענט. די ראַביים שאַפן אָפּ אַליין אַלטע און פאַרהייליקטע דינים און מנהגים, כדי צו לייכטער מאַכן די יידישקייט פאַר זייערע „מעמבערס״. דער קיום פון יידישן פאָלק קען נישט פאַרזיכערט ווערן דורך אַזאַ סיסטעם, נאָר דורך פולער לאָיאַליטעט צו תורה און אמונה. מען טאָר נישט אונטערשניידן די וואָרצלען פון יידישן פאָלק. די ראַביים שאַפן אָפּ אַלע מנהגים וואָס זיינען נישט באַקוועם פאַר זיי. זיי שאַפן אָפּ דעם צווייטן טאָג יום־טוב, דעם יום טוב שני של גלויות, זיי ווילן צוגעבן צו דעם סידור און מחזור נייע תפילות, ווי צום ביישפּיל וועגן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, וועגן אומקום פון די זעקס מיליאָן יידן אין אייראָפּע, זיי שלאָגן פאָר, אַז אין די פּיוטים זאָלן צוגעגעבן ווערן די שאַפונגען פון די מאָדערנע יידישע דיכטער, אַריינעמען תפילות אין יידיש און אין אַנדערע שפּראַכן און אַזוי ווייטער און ווייטער.

אַזאַ מין צוגאַנג איז זייער נישט קיין ריכטיקער, טראָץ דעם וואָס מיר פאַרשטייען די גוטע כוונות פון די וואָס ווילן אַריינברענגען די נייע תפילות און שאַצן אָפּ אין דער פולער מאָס די הייליקייט פון די יידישע מאַרטירער און געטאָ־העלדן אין דער צייט פון די נאַצי־שחיטות אין אייראָפּע. אָבער מיר דאַרפן נישט קיין נייע תפילות. מיר וועלן זיין זייער צופרידן ווען מען וועט אָפּהיטן די אַלטע תפילות. עס איז נישט נייטיק קיינע תפילות אין אַנדערע שפּראַכן, אויסער לשון קודש. דווקא דאַוונען אין דער שפּראַך ווי די מיליאָנען קדושים האָבן דאָס געטאָן — דאָס וועט זיין פאַר זיי דער בעסטער און פאַסיקסטער זכרון. מען טאָר נישט ענדערן די יסודות הדת און דעם נוסח פון די תפילות. אונדזערע קדושים וטהורים האָבן אונדז איבערגעלאָזט אַזאַ צוואה פון אָפּהיטן די טראַדיציאָנעלע יידישקייט כדי צו אָנהאַלטן דעם חיזוק היהדות.

אונדזערע קדושים פון אייראָפּע זיינען זיכער נישט געגאַנגען אין שולן ווו עס איז נישט געווען קיין מחיצה, זיי האָבן נישט געדאַוונט אין פרעמדע שפּראַכן. זיי האָבן אָפּגעהיט די קדושה פון עם ישראל מיט אַלע טראַדיציאָנעלע מנהגים. דאָס איז דער הייליקער זכרון זייערער וואָס מיר דאַרפן אָפּהיטן. מיר דאַרפן זיי פאַראייביקן דורך ווייטער ציען זייער גאָלדענעם פאָדעם, ווייטער דאַוונען אין אַזעלכע שולן ווו זיי האָבן געדאַוונט, אין דער שפּראַך אין וועלכער זיי האָבן געדאַוונט, אָטעמען די זעלבע לופט פון עכטער קדושה, וואָס זיי האָבן געאָטעמט און אָנהאַלטן די גייסטיקע נשמהדיקייט, וואָס זיי האָבן אָנגעהאַלטן. דאָס איז געווען זייער וועג אין לעבן און פאַר די אי־דעאַלן זיינען זיי געגאַנגען על קידוש השם.

פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די קדושים מיינט אויך פאַראייביקן זייערע מעשים און זייערע תפילות, אָבער בשום אופן נישט ענדערן זייער נוסח התפילות און נישט זייערע מנהגים. מיר זאָגן דאָך שבת אין שול „אב הרחמים" פאַר דער קדושה און די תפילה נעמט אַריין אַלע קהילות הקודש שמסרו נפשם על קידוש השם. הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו. דאָס וואָס זיי האָבן ליב געהאַט בעת זייער לעבן, דאַרף אונדז זיין טייער אויך נאָך זייער אומקום און זייער גייסט טאָר נישט אָפּגעטאָן ווערן פון אונדז.

הרב יוסף בער סאָלאָווייטשיק האָט אין אַן אַרטיקל געשריבן דאָס פאָלגענדע וועגן דער פראַגע פון קאָנסערוואַטיזם: אויב איינער האָט נישט נאָנט לעבן זיך קיין אָרטאָדאָקסישע שול, נאָר אַ קאָנסערוואַ־

טיוּוע שוּל, איז פיל בעסער, אַז ער זאָל דאַוונען אין דער היים בי־חידות און נישט איבערטרעטן די שוועל פון אַ קאָנסערוואַטיווער שוּל. און דאָס זעלבע גילט אויך בנוגע דער מצווה פון הערן תקיעת שופר אין ראש השנה. עס איז פיל בעסער נישט הערן דעם תקיעת שופר, אויב מען האָט נישט נאָנט לעבן זיך אַן אָרטאָדאָקסישע שוּל, איידער דאָס צו הערן אין אַ קאָנסערוואַטיווער שוּל.

מיר פאַרשטייען זייער גוט וואָס דער חשובער רב ר' יוסף־בער סאָלאָווייטשיק האָט געמיינט מיט זיין איסור אויף אַ קאָנסערוואַטיווער שוּל. ווייל נאָך אַלעמען, צו וואָס צילן דען אונדזערע תפילות און צו וואָס צילט דער תקיעת שופר און כל נדרי? די אַלע תפילות צילן דאָך צו דערהויבן דעם רעליגיעזן יידישן גייסט, צו שטאַרקן דעם יידישן גייסט דורך אמונה און מצוות, דורך גלויבן אין השי"ת און אין דער תורה מן השמים. אויב אָבער מען גלויבט נישט אין דעם, זיינען דאָך די אַלע תפילות און שופר־בלאָזן אין די קאָנסער־וואַטיווע שולן נישט מער ווי פוסטע און קאַלטע צערעמאָניעס. דאָס איז אַ פעלשונג פון די יסודות פון תורה און אמונה. ווען אַ שוּל איז נישט על פי דין, איז זי נישט קיין מקום תפילה, נאָר דער היפּוך פון דעם, ווייל די השפּעה פון עכטער רעליגיעזער יידישקייט קען נאָר קומען אין אַ ריכטיקן און יסודותדיקן פּלאַץ פאַר תפילה טאָן. ווען אַ ראַביי שטעלט זיך אַוועק מיט אַ ספר תורה אין איין זייט פון דער בימה און פון דער אַנדער זייט שטייט אַ גלח מיט אַ צלם, איז דאָס דער ערגסטער חילול השם וחילול הקדושה. אין אַ שוּל ווו עס איז דאָ אַ מחיצה קען דאָס נישט פּאַסירן. די צעשטערונג פון דער מחיצה ברענגט צו דער צעשטערונג פון יידישקייט און עפנט די שוּל פאַר נישט־יידישע סימבאָלן און רעליגיעס. ווען אַ ראַביי פירט איין קאָנסערוואַטיווע מנהגים אין זיין שוּל טוט זיך אָפּ די קדושה פון דעם בית הכנסת און ער ווערט אָפן פאַר אַלערליי הפקרות. היום אמר לו עשה כך ולמחר עשה כך, עד שאומר לו לך ועבוד עבודה זרה — דאָס מיינט דאָך דעם „הכניסו צלם בהיכל ה'". די קאָנסערוואַטיווע ראַביים זוכן וועגן ווי אַזוי צו רעהאַביליטירן די צערודערטע נשמות פון זייערע קאָנגרעגיישנס, ווייל עס מוז קומען צו אַ צערודערונג צווישן יידן וואָס האָבן נישט קיין גאַנצע נשמות. דער קאָנסערוואַטיזם באַמיט זיך צו אַראָפּלאָזן צו זיינע מעמבערס, צו צופּאַסן זיך צום ביליקן געשמאַק פון אַרויפגעאַרבעטע גבירים. יעדער רייכער ייד, וואָס איז אַ „מעמבער" אין אַזאַ „קאָנגרעגיישן" האָט זיין אייגענעם

שולחן ערוך און ער האַלט זיך אַליין פאַר אַ פּוסק אחרון. עכטע רעליגיע דאַרף אויפהייבן דאָס פאָלק און נישט אַרונטערנידערן. כאשר ישא אומן את היונק. מען טאָר נישט אַראָפּלאָזן זיך און פאַרשוועכן די הייליקייט פון דער תורה און פון יראת שמים.

דער קאָנסערוואַטיזם איז דערווייל מצליח, ווייל ער זוכט פאַר־לייכטערן פאַר יידן דעם עול פון יידישקייט. דאָס דערמאָנט אונדז אַ גוט וואָרט פון מלבי"ם, ווען עס איז געקומען צו אים אַ משכיל און געבעטן, אַז ער זאָל לייכטער מאַכן דאָס שווערע רעליגיעזע לעבן פאַר יידן. דער מלבי"ם האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט נישט קיין געמיינזאַמע שפּראַך מיט די משכילים, ווייל זיי זיינען צו גרויסע „קענערס": זיי קענען מחלל שבת זיין, זיי קענען עסן חמץ אין פּסח, זיי קענען אויפהערן דאַוונען און גיין אין שול אַזוי ווייטער. אָבער מיר זיינען נישט קיין „קענערס". מיר קענען נישט טאָן אַזעלכע זאַכן ווייל די תורה איז העכער פאַר אַלע אונדזערע אינטערעסן און באַקוועמלעכקייטן. די תורה איז מן השמים און מיר קענען נאָר זי דערפילן און אויספירן, אָבער בשום אופן נישט ענדערן.

די רעפאָרמער און קאָנסערוואַטיווע יידן האָבן פאַרשוועכט זייער פיל יידישע הייליקייטן און צווישן זיי אויך דעם דין פון בר מצוה. עס איז אַ שמחה ווען אַ יידישער בחור ווערט דרייצן יאָר אַלט, ווייל ער קריגט דאַן דעם סטאַטוס פון אַ ייד וואָס דאַרף זיין אַ שומר תורה ומצוות. אָבער לײדער איז די שמחה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַרנאַוואַל... דער בחור זאָגט צו אין זיין דרשה, אַז ער וועט זיין אַ גוטער און געטרייער ייד און שוין בעת דער שמחה פון בר מצווה קומט פאָר דער גרעסטער חילול הקודש און חילול השם. לײדער האָט מען אויך אין די אָרטאָדאָקסישע שולן פאַרשוועכט די גרויסע שמחה, אָבער לכל הפחות פאָדערט מען אין די שולן פון עולם דרך ארץ פאַר דער יידישער הייליקייט און פאַר דער תורה. מיר ווערן נישט מיד צו אויפקלערן דעם עולם, אַז די „רעגאַלאָס" זיינען נישט אַלץ און אַז מען דאַרף שטאַרקן יידישקייט און אַז דער בר מצווה־בחור ווערט נישט פריי פון יאָך פון דער תורה גלייך נאָכדעם ווי די צערעמאָניע ענדיקט זיך. דער חילול השם פון דעם וואָס קומט פאָר אין שול טוט ווי די ערלעכע אָרטאָדאָקסישע יידן. עס איז נישט קיין חדווה און נישט קיין שמחה וואָס מיר דאַרפן צוזען אין שול בעת דער פייערונג, ווי עס פירן זיך אויף די נאָנטע קרובים פון דעם

בר מצווה. מיר ווייסן אַז די צערעמאָניעס זיינען נישט דער יסוד פון יהדות און מיר רופן כסדר צו שטאַרקן די פונדאַמענטן פון דת.

פאַקטיש איז נישט קיין ריכטיקער און נישט קיין צוגעפאַסטער דער נאָמען פון „קאָנסערוואַטיזם" ווייל דאָס מיינט דאָך צו אויפ־האַלטן און אָפּהיטן דאָס אַלטע, די ירושה, דאָס פריערדיקע. דאָס מיינט צו אויפהאַלטן און אָפּהיטן דאָס אַלץ וואָס מיר האָבן געירשנט פון אונדזערע עלטערן. טאָ ווי אַזוי קען מען אָנרופן „קאָנסערוואַטיזם" די שיטה וואָס וויל אַוועקגיין פון שבת, פון טהרת המשפחה, פון כשרות אאַז"וו? די קאָנסערוואַטיווע ווילן דאָך ענדערן אַלצדינג וואָס איז געווען הייליק ביי די פריערדיקע דורות פון יידן.

די יסודות פון דער אמונה נעמען אַרום דריי זאַכן: ערשטנס — אמונה אין ג־ט אַלס דער באַשעפער פון דער וועלט און אַז ער האָט די השגחה איבער אַלץ וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט און איבער דער גאַנצער בריאה. צווייטנס, אָפּהיטן די תורה און אַלע מצוות על פי המסורה. און דריטנס — לימוד התורה און כבוד התורה און פון אירע לערנערס און גלויבן, אַז די תורה איז אונדז געגעבן געוואָרן מן השמים פון בורא עולם אַליין.

אָבער ליידער זיינען נישטאָ די דריי זאַכן ביי די קאָנסערוואַטיווע. זייער ריכטיק שרייבט דער חשובער רב ד"ר יעקב אביגדור אין זיין ספר „מול בעיות הדור", אַז די קאָנסערוואַטיווע זיינען אַוועק אַזוי ווייט פון די יסודות, אַז אַפילו זייערע ניגונים אין זייערע שולן האָבן קיין שום שייכות נישט צו דער געשטאַלט פון מקור פון דער יידישער אמונה.

דאָס פערזענלעכע לעבן ווערט נישט געפירט ביי זיי על פי התורה והמסורה. זיי זיינען זייער ווייט פון לימוד התורה און אָפּגערעדט שוין וועגן מרביץ תורה זיין און באַשיינען דעם כבוד פון דער תורה. זיי זיינען נישט מכבד דער תורה און נישט די לומדי התורה. זיי גלויבן נישט אין תורה מן השמים.

דער רמב"ם זאָגט אין „מורה נבוכים", אַז ווען מען בייט אויס דעם מקורותדיקן אידעאַל אויף אַן אַנדערן איז דאָס ממש שנאה צו דער תורה און צו די מצוות, אַזוי ווי עבודה זרה, ווייל מיר געפינען נישט דעם אויסדרוק פון פיינט האָבן נאָר ביי עבודה זרה אַליין. ווייל אויב איינער איז נישט מקיים תורה ומצוות צוליב פשוטער גלייכגילטיקייט, איז ער נישט קיין שונא פון דער תורה, אָבער ווען ער איז דאָס נישט מקיים ווייל ער שאַפט פאַר זיך אַנדערע דינים

און מנהגים און ווען ער רופט אַנדערע, אַז זיי זאָלן אַוועקגיין פון הייליקן מקור — דאָס איז שוין שנאה און פאַרשוועכונג פון דער תורה און פון די מצוות.

די קאָנסערוואַטיווע האָבן אַוועקגעוואָרפן דאָס אַלטע און זיי זוכן כלומרשט אַ נייעם אידעאַל. אָבער זיי האָבן קיין נייע זאַך נישט באַוויזן צו שאַפן, ווייל עס קען גאָר נישט זיין קיין נייעס וואָס זאָל קענען פאַרבייטן די תורה. זיי האָבן אָבער שוין באַוויזן צו צעטרעטן און פאַרשוועכן אונדזערע אַלטע אידעאַלן פון דער תורה. דאָס נייע וואָס זיי זאָגן, אַז זיי האָבן איינגעפירט איז נישט מער ווי אַן אויס־רייד בטול צו מאַכן די דינים פון דער תורה. ווי רש״י זאָגט אין פ׳ ראה (דברים י״ז פז) דבר זה גנאי הוא לך שאף האומות אין מניחין מה שמסרו להם אבותיהם וזהו אומר לך עזוב של אבותיך...

# דער קאַמף צווישן דעם אַלטן און יונגן דור

„שאל אָביך ויגידך, זקניך ויאמרו לך".

דער קאַמף צווישן דעם אַלטן און יונגן דור איז אַזוי אַלט ווי די מענטשלעכע קולטור־געשיכטע. עס איז דאָך אומפאַרמיידלעך, אַז עס זאָלן קומען אין צוזאַמענשטויס די יונגע מענטשן מיט זייער דינאַמישער און ברויזנדיקער נאַטור קעגן די באַלעבאַטישע און איינגעפונדעוועטע טראַדיציעס און מנהגים פון דעם עלטערן דור. די יוגנטלעכע זיינען שטענדיק געניגט צו אויסדריקן זייער אומצופרידנקייט מיט אַלטע און אָנגענומענע באַגריפן און זיי טוען דאָס גאַנץ אָפט אויף אַ סקאַנדאַליעזן און באַדויערונגסווערטן וועג.

די יוגנט קומט דאָך פאַקטיש צום גרייטן און געניסט פון אַלע באַקוועמלעכקייטן און איינריכטונגען וואָס דער עלטערער דור האָט פאַר איר צוגעגרייט. טראָץ דעם דענקט זי, אַז זי איז קליגער פון די עלטערע און אַז זי קען די זאַכן מאַכן פיל בעסער פון דעם עלטערן דור. די יוגנטלעכע זיינען ביי זיך איבערצייגט, אַז זיי פאַרשטייען דאָס לעבן בעסער ווי די עלטערע מענטשן און אַז ווען מען גיט איבער די מאַכט אין זייערע הענט, וואָלטן זיי געפירט אַלץ פיל בעסער.

נאָך אַלעמען איז טאַקע אַ נס וואָס דורך דעם ביאָלאָגישן געזעץ פון דער נאַטור ווערט די יוגנט מיט דער צייט אַליין פאַרוואַנדלט אין אַן עלטערן דור. דורך דעם ווערט זי מער מיושבדיק, איר טעמפעראַמענט ווערט אָפּגעזעצט, אָפּגעקילט, זי ווערט אויסגערעכנטער און פיל געלאַסענער און קומט אַריין אין די רייען פון דעם עלטערן דור, ווייל עס קומט דאָך אונטער ווייטער אַ ייִנגערער דור מיט נייע

אַמביציעס און נייע ברויזן. דאָס איז טאַקע דער נס, ווייל ווען נישט, וואָלט די יוגנט מיט איר נישט־אויסגערעכנטער פירונג גע־קענט ברענגען אַ חורבן אויף דער מענטשהייט.

דעריבער ווערט די יוגנט אין יעדן דור געצוימט דורך די זעלבע כוחות קעגן וועמען זי קעמפט... עס קומט איר אויס שפּעטער אַליין צו ווערן קאָנסערוואַטיוו, געלאַסן און צו אַרויסטרעטן קעגן די וואָס קומען אונטער מיט נייע פאַרלאַנגען. אַזוי אַרום קען נישט די יוגנט זיך אָפּרייסן פון דעם עלטערן דור און זי מוז מיט דער צייט ממשיך זיין די גאָלדענע קייט פון אַלע פריערדיקע דורות. נאָר אַדאַנק דעם ווערט אויסגעמיטן אַ חורבן און אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע. מיר זעען דאָך, ליידער, ווי עס זעט אויס היינט צו טאָג די וועלט, וואָס גייט באַרג אַראָפּ און וואָס איז אַ פּועל יוצא פון דער צעשטערונג־טעטיקייט פון דער אימפּולסיווער יוגנט, אין גאָר אַ גרויסער מאָס. דאָס זיינען די יוגנטלעכע כוחות, וואָס זיינען פאַרסמט געוואָרן דורך דעם מערדערישן נאַציזם און דעם באַרבאַרישן קאָמוניזם, צו וועלכע די יוגנטלעכע האָבן באַזונדערס געהאַט אַ „שוואַכקייט". דאָס זיינען געווען דעסטרוקטיווע כוחות וואָס האָבן צעשטערט די אַלטע קוואַלן פון יידישער מאָראַל און אונדזער פאַרערונג פאַר יושר און דרך ארץ, ווי אויך אונדזערע באַגריפן פון צדק. ווייל „בנין נערים סתירה — סתירת זקנים בנין. אם יאמרו לך ילדים בנה בית המקדש, אל תשמע להם ואם יאמרו לך זקנים סתור בית המקדש, שמע להם, מפּני שבנין נערים סתירה וסתירת זקנים בנין". (גמ" נדרים).

דאָס מיינט צו זאָגן, אַז מען דאַרף זיין זייער פאָרזיכטיק ביים נאָכגעבן דעם ווילן פון דער יוגנט, אַפילו ווען זי קומט און פאָדערט צו בויען אַ בית המקדש, וואָס איז דאָך זיכער לויטער קדושה, ווייל מען קען זיך נישט פאַרלאָזן אויף די אימפּולסיווע נייגונגען פון די יוגנטלעכע. צוליב זייערע נישט־באַרעכנטע שריט קען קומען דערצו, אַז אַפילו דער בית המקדש זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ סתירה צו יידישקייט און עס קען דערפון גאָר אַרויסקומען אַ צעשטערונג פון אונדזערע הייליקע ווערטן. אָט זעען מיר, אַז די קאָנסערוואַטיווע באַוועגונג, צום ביישפּיל, איז אַרויסגעקומען אין דער מערהייט פון דער יוגנטלעכער איניציאַטיוו. דער קאָנסערוואַטיזם און די רעפאָרם־באַוועגונג, אויך אַן איניציאַטיוו פון יוגנטלעכע אין די פאַרייניקטע שטאַטן האָבן גאָר געבראַכט צו דער צעשטערונג פון די אמתע יידישע רעליגיעזע טעטיקייטן. אויף אַזאַ „בית המקדש" זאָגן די זקנים „סתור

בית המקדש". ווי קען דאָס זיין, אַז זקנים זאָלן הייסן צעשטערן אַ בית המקדש? דאָס איז דאָך טאַקע אַן הארבע פראַגע, אָבער זי ווערט לייכט פאַרענטפערט ווען מען נעמט אין אַכט דעם כאַראַקטער פון דעם „בית המקדש" וואָס די יוגנט נעמט בויען. עס קומט אויס, אַז הכניסו צלם בהיכל המקדש און דערפאַר זאָגן די זקנים „סתורו".

די יוגנט שפילט זיכער אַ וויכטיקע און באַדייטונגספולע ראָליע אין דעם אַנטוויקלונג־פּראָצעס פון דער מענטשהייט. זי איז אַ וויכ־טיקער פאַקטאָר אין דעם מענטשלעכן פּראָגרעס און השתלמות. אָפט־מאָל גיסט אַריין די יוגנט איר דינאַמישן אידעאַליזם אין דעם קוואַל פון די אידעאַלן פון קאַמף פאַר אַ בעסערער און שענערער וועלט. זי דערפרישט די אַלטקייט מיט איר אימפּעט און געוואַגטקייט. אָבער ווען איז דאָס געראָטן געוואָרן? ווען זי איז ממשיך דעם גייסטיקן המשך פון אַ פאָלק און פאַרבינדט דעם היינט מיט דעם עבר, ווען זי שעפּט איר יניקה פון די גייסטיקע קוואַלן פון די אַלטע דורות. אין אַזאַ פאַל איז די יוגנט אַ געוואַלטיקער פאַקטאָר און אַ פּאָזיטיווער כוח סיי פאַרן יידנטום און סיי פאַר דער וועלט בכלל, ווען מיר רעדן אין וועלט־מאַסשטאַב.

טאָמער ווערט אָבער די יוגנט פאַרנאַרט און פאַרפירט דורך גאָטלאָזע עלעמענטן, ווערט זי אָפּגעריסן פון דעם גייסטיקן המשך פון איר אייגענעם פאָלק. זי איז מער נישט צוגעבונדן צו דעם שורש פון אונדזער גייסטיקער ירושה און ווערט אַזוי אַרום פאַרלוירן פאַר אונדזער פאָלק. די גמרא ברענגט אין סנהדרין (ד" כ"ב) „כיון שראו את משה ואהרן שהיו מהלכין תחילה והם באין אחריהם וכל ישראל אחריהם, אמר נדב לאביהוא, מתי ימותו שני זקנים הללו ואנו ננהיג את הקהל"...

נדב ואביהוא האָבן געוואָלט אַ נייעם און „מאָדערנעם" פייער, אַן אש זרה אשר לא צוה אותם ה'". עס איז געווען דאַן אַ גרויסער יום טוב און אַ גרויסע שמחה ביי די יידן, נאָכדעם ווי זיי זיינען אַרויס פון מצרים און געוואַנדערט אין מדבר, ווייל דער משכן דער דעמאָל־טיקער יידישער גייסטיקער צענטער, האָט אָנגעהייבן צו פונקציאָ־נירן. די כוהנים זיינען באַשטימט געוואָרן צו זיין די מורי דרך פון פאָלק. אָבער מיטאַמאָל איז די דאָזיקע גרויסע פרייד פאַרשטערט געוואָרן, ווען עס איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ פרעמד פייער אין דעם הייליקטום, אַ פייער פון פירוד לבבות און פון אָפּצורייסן זיך פון דער גייסטיקער אָנפירונג פון משה ואהרן פון אש גוה. עס

איז געווען שריפת הנשמה והגוף קיים (סנהדרין נ"ב) און דאָס איז אין זין פון דער מיינונג „לא מתו בני אהרן אלא מפני שהורו הלכה בפני משה רבן. זיי האָבן געפסקנט, אַז כאָטש אש יורדת מן השמים מצוה להביא מן ההדיוט. (סנהדרין, ד' ס"ג).

די יוגנט וויל פסקענען נייע הלכות פאַר אונדזערע נביאים, חכמים, גאונים, דענקער און פילאָזאָפן, מאַרטירער און קדושים, וואָס האָבן באַלויכטן די וועלט מיט דעם אייביקן פייער פון תורה ונבואה. די יוגנט וויל אַריינברענגען אַ נייעם און פרעמדן פייער, אַ פייער פון כלומרשטער „וועלטלעכער קולטור", פון ראַדיקאַלע אידייען, פון טעאָריעס וואָס זיינען פרעמד אונדזערע באַגריפן פון יידנטום. דאָס איז אַזאַ מין אש מן ההדיוט. די יוגנט וויל דערמיט אָפּטויטן דעם אַלטן יידישן גייסט און שאַפן אַ נייעם וועג וואָס קען אונדז ר"ל פירן צו אַ גרויסער קאַטאַסטראָפע און ברענגען אין אונדזער גייסטיקן לעבן צו אַ שריפת הנשמה והגוף קיים. .

מיט אַזאַ אש זרה איז געקומען דאָס רעפאָרם־יידנטום. דאָס איז אויך אַן אש זרה שלא צוה ה". די גייסטיקע פירער פון דער רעפאָרם־יידישקייט און אירע לערער האָבן צעשניטן דעם סידור און אויסגע־מעקט פון דאָרט יעדע אָנדייטונג אויף די אייביקע יידישע האָפענונ־גען. זיי האָבן אין דעם נוסח פון די תפילות אויסגעליידיקט די סאַמע וויכטיקסטע שטעלן פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט און געוואָלט מאַכן אַ סוף צו אונדזער גייסטיקער נשמה. זיי האָבן געוואָלט אַריינברענגען אַ פרעמדן און קריסטלעך־געצנדינערישן אינהאַלט וואָס איז עקל־האַפט און אָפּשוילעך פאַר יעדן יידן. זיי האָבן דערמיט פאַרפירט זיך און זייערע קינדער און געבראַכט צו אַ שריפת הנשמה והגוף קיים.

עס מוז קומען אַ מאָמענט ווען די אַלע פאַרפירטע אַסימילאַטאָרן און ראַדיקאַלן, וואָס זיינען אָוועק פון די אמתע קוואַלן פון יידיש־קייט, וועלן זיך אַרומזען וואָס פאַראַ פאַטאַלע טעות זיי האָבן געמאַכט און זיי וועלן זיך אומקערן צוריק צו דער אמתער און טראַדיציאָנע־לער יידישקייט. מיר זעען שוין, אַז אַ טייל פון זייערע פירער האָט שוין געמאַכט שריט אין דער ריכטונג פון אומקערן זיך צוריק. ווען זיי האָבן גענומען זיך אַרומקוקן ווו זיי האַלטן אין דער וועלט און ווי אַזוי די וועלט זעט אויס היינט צו טאָג, נאָך אַזוי פיל „מאָדערנע דערגרייכונגען", האָבן זיי זיך ממש דערשראָקן און באַשלאָסן צו זוכן אַ וועג צוריק צום רעליגיעזן און טראַדיציאָנעלן יידנטום.

# די נייטיקייט פון קאָאָפּעראַציע צווישן אשכנזים און ספרדים

„וקרב פזורינו מבין הגוים ונפוציתינו כנס מירכתי הארץ".
דאָס איז די תפילה וואָס מיר זאָגן ימים נוראים און בעטן ג", אַז ער זאָל העלפן צענויפזאַמלען אַלע צעזייטע און צעשפּרייטע יידישע שבטים פון דער גאָרער וועלט.

אָט די הייליקע תפילה האָבן מיר אין זינען ווען מיר רעדן וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ פאַרשטענדעניש און ענגער צוזאַמענאַרבעט צווישן אַשכנזים און ספרדים. היינט צו טאָג איז שוין צו זען אין מדינת ישראל ווי דאָס ספרדישע יידנטום ווערט אויפגעלעבט. עס איז שוין נישט ווייט דער טאָג ווען די ספרדים וועלן איבערשטייגן אין צאָל די אשכנזים אין דער יידישער מדינה. די יידן וואָס שטאַמען פון פּערסיע, איראַק, אלזשיר, טוניס, עגיפּטן און אַנדערע לענדער פון מיטעלן מזרח, זיינען אַ געוואַלטיקער כוח, ווייל זיי זיינען נאָך טראַ־דיציאָנעל געשטימט און זיי האָבן דורך אַרץ פּאַר די יידישע מנהגים און דינים.

אין משך פון הונדערטער יאָרן זיינען די אשכנזישע יידן געווען שטאַרק דערוויטערט און אָפּגעפרעמדעט פון די ספרדים. עס איז גע־ווען אין דער ערשטער רייע אַ גרויסער אונטערשייד אין דער שפּראַך און אין די מנהגים. אַנדערש איז אויך געווען זייער סאָציאַלער און קולטורעלער שטאַנד און אַנטראָפּאָלאָגישע אָפּשטאַמונג. דערפאַר זיי־נען געווען אַזוי גרויס די דיפערענצירונגען צווישן אשכנזים און ספרדים.

עס איז געווען אַ צייט, ווען די ספרדים זיינען געווען זייער פּראָמי־נענט אין יידישן לעבן און האָבן געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין

דער יידישער וועלט. אין דער צייט פון רמב״ם, אין אָנהייב פון 13טן יאָרהונדערט, האָבן די ספרדים געהאַט אַ גרויסע גייסטיקע השפּעה אין דער דעמאָלטיקער יידישער וועלט. די אשכנזים זיינען דאַן געווען אין אַ פיל ערגערער סיטואַציע. די ספרדים זיינען דאַן געווען די משפּיעים און די אשכנזים זיינען געווען די מקבלים.

מיטן גירוש שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָט זיך אָנגעהייבן די ירידה פון ספרדישן יידנטום. די באַרימטע פיגורן פון רמב״ם, אבן עזרא, איבן־גבירול, יהודה הלוי, וואָס האָבן אין דער גאָלדענער עפּאָכע פון ספרדישן יידנטום באַשיינט די יידישע וועלט, האָבן זיך שפּעטער שוין נישט איבערגעחזרט. נאָר בלויז עטלעכע גייסטיקע ריזן זיינען אַרויס שפּעטער פון די ספרדישע רייען, ווי ר׳׳ יוסף קאַרו, דער מחבר פון שולחן ערוך, און נאָך געציילטע פירער, ווי ר׳׳ משה מאָנטעפיאָרע און אַנדערע.

אין די לעצטע יאָרהונדערטער זיינען די ספרדישע יידן געווען שטאַרק אונטערדריקט אין די אַראַבישע און מאַכמעדאַנישע לענדער ווו זיי האָבן געוואוינט אין זייער גרעסטער מערהייט. די אַראַבישע אונטערדריקונגען האָבן אַראָפּגענידערט דעם סאָציאַלן און עקאָנאָמישן שטאַנד פון די ספרדים און געבראַכט זיי צו אַ סיטואַציע פון אָרעמקייט און קולטורעלער אָפּגעשטאַנענקייט.

די סיטואַציע שפּיגלט זיך איצט אָפּ אין מדינת ישראל און רופט אַרויס זייער שווערע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, וואָס שטייען אין וועג פון מיזוג גלויות. עס איז נישט אַזוי לייכט צו שאַפן איין פאָלק פון עלעמענטן וואָס קומען פון פאַרשידענע לענדער, מיט פאַר־שידענע קולטורן און שטאַנדפּונקטן אין לעבן. די מאַסע עולים וואָס קומט קיין מדינת ישראל פון די צפון־אַפריקאַנער און אַנדערע אָריענ־טאַלישע לענדער איז נישט אַזוי לייכט צו אַבסאָרבירן אין דער נייער ישראל־ווירקלעכקייט.

מען קען נישט און מען טאָר נישט דערוואַרטן, אַז די ספרדישע יידן זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייער טראַדיציע און קולטור־ירושה, פּונקט ווי מען טאָר דאָס נישט דערוואַרטן פון די אַשכנזישע יידן. מען קען נישט איבער נאַכט צונעמען ביי מענטשן זייער לעבנס־שטייגער און זייערע מנהגים, וואָס זיינען געווען ביי זיי איינגעוואָרצלט זינט הונ־דערטער יאָרן. דאָס קען מען נישט טאָן, וויל ווען מען פּראָבירט דאָס, בלייבן די מענטשן אָפּגעריסן פון זייער קולטור און פון זייער טראַדיציע. זיי בלייבן „קרח מכאן וקרח מכאן״ — נישט אַהין און

נישט אַהער. מען קען צונעמען ביי זיי זייער אַלטן דרך, אָבער עס וועט זיין זייער שווער זיי צו אַרויפברענגען אויף אַ נייעם וועג.

פאַרקערט, מען דאַרף זען, אַז די יידן זאָלן בלייבן ביי זייערע מנהגים און לעבנס־שטייגער, וואָס זאָלן קענען באַרייכערן, מיט זייערע פּאָזיטיווע זייטן, די אַלגעמיינע ישראל־קולטור. פון אַלע פאַרשידענע דרכים זאָל זיך שאַפן איין צענטראַלער דרך, וואָס זאָל פאַרשענערן און פאַרבעסערן דאָס אַלגעמיינע יידישע לעבן אין דער מדינה. מען דאַרף צוזאַמענגיסן אַלע שיינע מנהגים אין איין צענטראַלער כלי, כדי דער מיזוג גלויות זאָל אַרויסקומען געלונגען און גינסטיק פאַר דער צוקונפט פון איין פאָלק. עס דאַרפן אָפּגעהיט ווערן די יסודות פון דת און פון דעת. דאָס איז דער עיקר און דאָס דאַרף זיין דער פונדאַמענט פאַר דעם מיזוג־גלויות. דאָס מיינט נישט בלויז מיזוג שכיניות נאָר מיזוג הרקביות, ווי ס'ווערט געזאָגט להלכה אין יו"ד. דאָס האָט דערהאַלטן אונדזער קיום במשך פון לאַנגע יאָרהונדערטער און מיר מוזן ווידער איינפלאַנצן אָט די ווונדערלעכע און שיינע קאָמבינאַציע פון דת ודעת אין דעם נייעם לעבן אין מדינת ישראל.

מיר דאַרפן זיך פאַרטיפן אין דעם יידישן באַוווסטזיין און אַרויסברענגען די שענסטע פערל פון תורה און יידישע מנהגים. כדי צו קענען באַרייכערן גייסטיק דאָס יידישע לעבן. מיר דאַרפן אַרויסנעמען דאָס גוטע פון די אַלע מנהגים פון די נייע עדות וואָס קומען קיין ישראל און עלימינירן פון זיי דאָס פסולת. מיר דאַרפן אויף להבא זיך אויך באַמיען צו לייזן די סאָציאַלע פּראָבלעמען און די עקאָנאָמישע שוועריקייטן פון די מזרח־עדות אין דער מדינה. עס דאַרפן אויסגעגליכט ווערן די גרויסע סאָציאַלע אונטערשיידן צווישן שטאַנד פון די פאַרשידענע עולים וואָס שטאַמען פון אַזוי פיל לענדער. עס טאָר נישט אָנהאַלטן לאַנג ווייטער אַזאַ מין סיטואַציע אין וועלכער עס קומט אויס, אַז דער ספרדישער עלעמענט ווערט באַעוולהט און דיסקרימינירט מצד די אשכנזים. עס שאַפן זיך זייער ווייטאָגלעכע מיספאַרשטענדענישן מחמת דעם וואָס דער אשכנזישער קלאַס איז דער רייכערער און דאָמינירנדיקער, אין דער צייט ווען זייער פיל ספרדים און אָפּשטאַמיקע פון די אַראַבישע לענדער זיינען פּשוטע אַרבעטער און מיטלקלאַס־מענטשן. דאָס אַלץ רופט אַרויס קנאה און שנאה. אין מדינת ישראל הערשט טאַקע אמתע דעמאָקראַטיע און פולשטענדיקע פרייהייט, דאָך אָבער זיינען פאַראַן געוויסע נישט קיין געזונטע דערשיינונגען פון

פריווילעגיעס פאַר געוויסע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. דאָס מח איך להבא געענדערט ווערן צום גוטן.

עס איז דאָך לײדער אַ פאַקט, אַז די יידן וואָס קומען פון מאַראָקאָ אָדער פון תימן, זיינען נישט קיין פראָפעסיאָנאַלן, נאָר פשוטע שוואַרצע אַרבעטער. דעריבער געפינען זיי זיך אין אַ פיל נידעריקערער סאָציאַ־לער שטופע ווי די אַשכנזים. כדי צו אויסגלייכן די אונטערשיידן און מאַכן אַ סוף צו דער דיסקרימינאַציע וואָס קען ברענגען מיט דער צייט צו זייער נישט קיין אָנגענעמע קאָנסעקווענצן, איז אומבאַדינגט נייטיק קודם כל ברידערלעכע פאַרשטענדעניש צווישן די עדות. מיט געמיינזאַמע כוחות דאַרף מען זיך אַרומזען ווו מען האַלט אין דער וועלט און צוזאַמען — אשכנזים און ספרדים — זוכן אַן אויסוועג פון דער סיטואַציע. נאָר אויף אַזאַ וועג פון געמיינזאַמער פאַרשטענדיקונג וועט מען קענען געפינען אַ גוטע און יושרדיקע לייזונג, כדי דער מיזוג גלויות זאָל נישט געשטערט ווערן אין ישראל.

אין אַנדערע יידישע ישובים פון דער וועלט, אין לאַטיינאַמעריקע צום ביישפיל, איז דער ענין פון צוזאַמענאַרבעט צווישן אשכנזים און ספרדים אויך נישט אַזאַ לייכטער. אָט האָט מיר געזאָגט אין מעקסיקע אַ רעליגיעזער עסקן, אַז מען דאַרף נישט אַריינעמען קיין ספרדישע תל־מידים אין דער ישיבה ווו עס לערנען דערווייל נאָר אשכנזישע קינדער. איך בין ממש געווען דערשטוינט און דערשיטערט פון אַזעלכע ווערטער. פון דער אַנדער זייט ווידער איז אויך צו זען, אַז די ספרדים פאַרשטייען אויך נישט די אשכנזים און עס הערשט נאָך אַ געוויסער אומצוטרוי פון איין עדה צו דער אַנדערער. עס איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג. מען מוז זיך פאַרשטענדיקן ווי צווישן ברידער. מיר זיינען דאָך אַלע קינדער פון איין פאָלק און איין גזע. מיר מוזן צוגיין מיט אַ נשמהדיקן און עטישן צוגאַנג צו דעם פּראָבלעם. מיר האָבן דאָד אַלע דעם זעלבן אינטערעס אין אָנהאַלטן יידישקייט און אין שטאַרקן די יסודות פון אונדזער פאָלק און פון אונדזער דת. אין די ישובים פון לאַטיין־אַמע־ריקע, ווו מיר זיינען אַזאַ פאַרשווינדנדע מינדערהייט, מוזן מיר דאָך אוודאי אַרבעטן צוזאַמען פאַר דעם געמיינזאַמען ציל, פאַר אונדזער יונגן דור און פאַר דער שטאַרקונג פון די יסודות פון אונדזער אמונה.

דעריבער האָב איך געהאַלטן פאַר נייטיק, אַלס פרעזידענט פון מרכז הרבנים פאַר די לענדער פון לאַטיינאַמעריקע, צו פאַרופן אויך אַלע ספרדישע רבנים, צוזאַמען מיט די אַשכנזישע, צו די קאָנפערענצן וואָס מיר האָבן אָרגאַניזירט אין פּאַנאַמאַ און אין באָגאָטאַ. דאָס זעלבע

וועלן מיר אויך טאָן אויף דער קאָנפערענץ וואָס דאַרף איינגיכן פאַר־קומען אין ריאָ דע זשאַניירא. מיר דאַרפן אַרבעטן צוזאַמען פאַר דעם חיזוק הדת וחיזוק היהדות, ווי אויך פאַר דער שטאַרקונג פון רעליגיעזן חינוך. מיר דאַרפן זאָרגן מיט אַלע מיטלען פאַר דער פאַר־שטאַרקונג פון כשרות און רעליגיעזער יידישקייט בכלל אין די ישו־בים. מיר זיינען באמת געווען זייער צופרידן צו זען אַרום אונדזער טיש זיצן אין ברידערלעכער האַרמאָניע אשכנזישע און ספרדישע רבנים. קיינער וויל נישט דיקטירן, חלילה, איינער דעם צווייטן. מיר ווילן נאָר מיט פאַרשטענדעניש און פריינטלעכער קאָאָפּעראַציע אַר־בעטן צוזאַמען, כדי פריער דאָ ביי אונדז צו דורכפירן דעם מיזוג גלויות, לויטן מוסטער פון מדינת ישראל. מיר אַרבעטן שוין ב"ה צוזאַמען עט־לעכע יאָר צייט אין דעם מרכז הרבנים און אין דעם ועד הקהילות פון לאַטיינאַמעריקע.

נאַטירלעך איז אַנדערש דער פּראָבלעם אין מדינת ישראל, ווייל דאָרטן איז פיל ערנסטער דער ענין פון מיזוג גלויות און עס איז זייער נייטיק און ממש דרינגענד די אידייע פון צוזאַמענשמעלצן אַלע עדות וואָס קומען אַריין אין לאַנד. עס מוז געשאַפן ווערן אַ איינהייט־לעך פאָלק פון קעגנזייטלעכע עלעמענטן און דאָס איז גאָר נישט קיין לייכטע אויפגאַבע פאַר דער ישראל־רעגירונג. דאָס פאַרייניקטע פאָלק אין יידישן לאַנד דאַרף ווידער ווערן דער טרעגער און פאַרווירקלע־כער פון אונדזערע הייליקע אידעאַלן, וואָס זיינען אויסגעפאָרעמט געוואָרן אָנפאַנגענדיק פון אַברהם אָבינו, ביז מתן תורה, און וואָס זיינען אויף אייביק איינגעוואָרצלט אין דער נשמה פון יידן. שטענדיק איז דאָס געווען דער זין פון אונדזער קיום אויף דער וועלט. מיר טראַכטן וועגן דעם באַדייט פון פסוק „והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם" און זען ווי וויכטיק עס איז אַז אונדזערע קינדער זאָלן גיין מיט אונדז צוזאַמען און העלפן אונדז אין אונדזער קאַמף פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון די יידישע אידעאַלן. שלעכט איז, ווען די קינדער קענען זיך נישט פאַרשטיין מיט זייערע עלטערן, ווייל זיי זיינע שוין פאַרשידענע וועלטן. די קינדער קריגן העכערע בילדונג, אַ זאַך וואָס זייערע עלטערן האָבן נישט געהאַט, און דאָס ווירקט אויף צו פאַרגרעסערן די אונטערשיידן און די מיספאַרשטענדענישן.

ביי יידן הייסט הייליק לעבן קיום המצוות בין אָדם לחברו און אויך בין אָדם למקום. און דער בין אָדם לחברו מיינט נישט בלויז, אַז מען זאָל דעם אַנדערן נישט שלאָגן, נישט שעלטן, נישט באַעוולהן. דאָס

מיינט אויך, אַז דער אַנדערער זאָל אויך אַזוי זיך באַציען צו אַנדערע מענטשן, כדי די וועלט זאָל ווערן שענער און בעסער. דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן אין די באַציאונגען צווישן אין יידישער עדה און אַ צווייטער. נאָר אויפן וועג פון גלייכהייט און פאַרשטענדעניש וועלן מיר קענען בויען דאָס יידישע לעבן. דער אמתער מיזוג גלויות קען קומען נאָר דאַן ווען דער גייסט פון די נביאים וועט באַהערשן דער יידישער מדינה און נישט דער גייסט פון אונדזערע מאָדערנע און פאַלשע „נביאים". ואהבת לרעך כמוך, זה כלל גדול בתורה. אמתע ליבע צווישן יידן קען קומען נאָר דורך דעם גייסט פון דער תורה. עס קען דורך דעם קומען אויך צו אַ גייסטיקער עליה פון דער יידישער נשמה. די גמרא זאָגט אין מס' שבת (ל"א) אַז מה דעלך סני לחברך לא תעביד, עכ"פ טאָר מען נישט דיסקרימינירן קעגן אַנדערן און נישט שאַפן קיין קנאה און קיין שנאה צווישן ברידער.

מיר דאַרפן אויך האָבן אין זינען, אַז נישט אַלע אשכנזישע יידן זיינען דיפּלאָמאַטן אָדער פּראָפעסאָרן. אויך צווישן די אשכנזים זיינען דאָ געלערנטע מענטשן און נישט קיין געלערנטע. צווישן אַלע עדות זיינען פאַראַן מענטשן מיט גרויסע פעאיקייטן און מענטשן אָן פעאיקייטן. אָט דעריבער מוזן מיר אַלע אַרבעטן כדי צו דערגרייכן אַ ברידערלעכע פאַרשטענדיקונג צווישן די עדות און נישט בלויז יוצא זיין מיט שיינע ווערטער, וואָס ברענגען נישט שפּעטער צו קיין שיינע מעשים...

די ספרדישע ברידער אונדזערע האָבן שוין אין דער פאַרגאַנגענהייט באַוויזן, אַז זיי קענען אַרויסגעבן פון זיך גרויסע גייסטער, דיכטער און פילאָזאָפן, אַזוי ווי דער רמב"ם, רבי יהודה הלוי, איבן־גבירול און אַנדערע. דעריבער איז מער ווי זיכער, אַז די ספרדים קענען אין דער צוקונפט אויך, לעבנדיק אין גינסטיקע און נאָרמאַלע באַדינגונגען, נאָך אַרויסגעבן גרויסע יידישע מנהיגים און גייסטיקע פירער. אין די נייע אומשטענדן אין מדינת ישראל קענען זיך שאַפן די געהעריקע באַדינגונגען פאַר אַ ספרדישער ווידעראויפלעבונג. עס זיינען שוין דאָ היינט צו טאָג אין מדינת ישראל גרויסע און חשובע רבנים, וואָס די ספרדישע ישיבות האָבן אַרויסגעגעבן. עס זיינען דאָ ספרדישע פירער און פּאָליטיקער און אויך גרויסע גאונים וואָס האָבן מחדש געווען אויפן געביט פון תורה און חכמה.

מיר מוזן קומען צו דער מסקנה, אַז עס זיינען נישטאָ קיין צוויי באַזונדערע יידישע וועלטן און טאָרן נישט זיין. עס איז דאָ נאָר איין

## ג י י ס ט י ק ע ש ט ר אַ ל ן

**יידיש פאָלק און מיר דאַרפן אַלע אַרבעטן צוזאַמען, אין ברידערלע־כער האַרמאָניע, פאַר דעם קיום און המשך פון אונדזער פאָלק און פאַר דעם חיזוק היהדות.**

# דער גייסט זיגט איבער דער פיזישער מאַכט

הגמון אחד שאל את ר"ג מי תופס המלכות אחרינו? הביא נייר חלק ונטל קולמס וכתב עליו ואחרי כן יצא אחיו וידו אוחזת בעקב עשיו. אמרו ראו דברים ישינים יצאו מפי זקן חדש (בר" פ"ס"ג).

די תורה דערציילט אונדז, אַז ויתרוצצו הבנים בקרבה. יעקב מיט עשיון זיינען געווען אַ צווילינג, נאָר נאָך אידער זיי זיינען געבוירן געוואָרן איז שוין געווען קענטיק, אַז זייערע נאַטורן, זייער כאַראַק־טערן, וועלן זיי פאַרשידנאַרטיקע און קעגנזעצלעכע. אָט דער קאַמף וואָס איז געפירט געוואָרן נאָך אין דעם אינגעווייד פון דער מוטער רבקה האַלט נאָך פאַקטיש אָן ביז צום היינטיקן טאָג. דער קאַמף קומט פאָר צווישן צוויי כוחות וואָס זיינען נישט קיין גלייכע אין קיין שום זין נישט, אויך נישט אין זין פון צאָל, פון נומערן. אָפגערעדט שויך, אַז דאָס איז אַ קאַמף צווישן צוויי וועלטן, צוויי צילן, צוויי וועלט־אָנשויאונגען. יעקב קעמפט מיט גייסטיקע מיטלען. יעקב שטרעבט צו אַ וועלט פון יושר און צדק, צו די אידעאַלן פון דער תורה ונבואה, אין דער צייט ווען עשיו קעמפט פאַרן עולם הזה, פאַר רויע און ערדישע פאַרגעניגנס, פאַר מאַכט מיט דער הילף פון שווערד. יעקבס ציל איז אַן אייביקער שלום אין אַ וועלט פון גערעכטיקייט. יעקב שטרעבט צו דערגרייכן אַ גייסטיקע און דערהויבענע וועלט.

עשיו שרייט ביז היינט „הנה אנכי הולך למות ולמה זה לי בכורה"? עשיו גלויבט נישט אין אייביקייט און אין גייסטיקייט. ער גלויבט אין אַ שטערבלעכער וועלט פון פאַרגעניגנס. צו וואָס דאַרף ער די בכורה וואָס איז פאַרבונדן מיט דער העכערקייט פון דעם גייסט, מיט הויכע אידעאַלן פון קדושה און עבודה? יעקב דאַקעגן פאַרבינדט זיין

היינט מיט דעם נעכטן, דעם עתיד מיט דעם עבר, ער איז ממשיך די הייליקע גייסטיקע ירושה פון זיין זיידן, אַברהם אָבינו. ער דער־הויבט אַברהמס גייסט און געטלעכקייט. עשיו דערווייטערט זיך פון זיין זיידנס ירושה. יעקב גלויבט אין נצח ישראל לא ישקר. עשיו וויל נאָר זיין אַ מאַטעריאַליסט און געניסן וואָס עס לאָזט זיך, בישט וויכטיק מיט וואָס פאַרא מיטלען ער קען דאָס דערגרייכן. ער לעבט מיט ברוטאַלער רציחה און רשעות. ער האָט נישט קיין עבר וואָס זאָל אים פאַרבינדן מיט דעם עתיד. עשיו קומט פון פעלד ווו ער האָט געהרגעט מענטשן און חיות און ווו ער האָט אָפּגעטאָן אַנדערע זינדיקע מעשים. ער קומט מיט דעם „אידעאַל" פון מלחמה און קריגעריי, פון אומברענגען די שוואַכערע פון אים. פאַר זיינע אויגן זעט ער נאָר רויט — בלוט פון מענטשן און גאָטס באַשעפענישן, רויט פון מאָרד און רציחה. „הלעיטני נא מן האָדום האָדום הזה". יעקב פאַרגיסט טרערן אויפן זיידנס טויט, ווי דער מדרש ברענגט, אין בראַ־שית ד" ט"ז, „באותו היום נפטר אברהם אָבינו ועשה יעקב תבשיל לנחום אבילים". יעקב טרייסט זיך מיטן המשך. ער ווייזט מיט די עדשים, אַז די וועלט איז קיילעכדיק און אַז דאָס קערפּערלעכע לעבן איז נישט אַלץ. דער גייסט פון אברהם אָבינו וועט סוף כל סוף באַהערשן די וועלט און וועט ברענגען צו אַ בעסערער און ליכטיקערער צוקונפט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, כאָטש עשיו זאָגט ווייטער „הלעיטני מן האָדום האָדום הזה" און ער זעט נאָר ווייטער בלוט פאַר זיינע פאַרלאָפענע אויגן.

מיט אַזאַ רויער און מאַטעריאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג פאַר־לירט עשיו די בכורה. ער פאַרלירט אויך די צוקונפט און די אייביקייט. די ידי עשיו ווילן באַהערשן דעם קול יעקב. עשיו וויל מיט זיינע בלוטיקע הענט באַהערשן יעקבס גייסט, אָבער דער קול יעקב פון יידישער נצחיות וועט זיי באַזיגן.

עס איז נישטאָ קיין שום מאָטיוו צו דערשרעקן זיך פאַר ידי עשיו, פאַר זיין מאַטעריאַליזם און פאַר זיין לוסט צו באַהערשן די וועלט מיט ברוטאַלן כוח. מ'דאַרף ניט מיינען, אַז אָט, אָט זיגט עשיו מיט זיין וועלט־אַנשויונג און אַז די וועלט וועט ווערן באַהערשט דורך אים. סוף כל סוף וועט דער אמתער נצחון זיין אויף דער זייט פון יעקבן, ווייל זיין תורה איז אַ תורת חיים, אַ תורה וואָס וויל באַקערן די וועלט צו די אמתע אידעאַלן פון אחרית הימים. מיט גאָלדענע אותיות ווערט פאַרשריבן אין דער געשיכטע דער לעבנסוועג פון יעקבן. אָבער

עשיו וועט גאַרנישט איבערלאָזן קיין שפורן נאָך זיך אין דער געשיכטע פון דער ציוויליזאַציע נאָר אַ פוסטקייט און אַן אָפּגרונט פון בייז און שלעכטס — נייר חלק. אָבער אונדזער פּאַפּיר איז אָנגעפּילט שוין מיט די הלכות עולם פון העכערן גייסטיקן לעבן. ראו דברים ישנים יוצאים מפי זקן חדש. אונדזער תורה איז טאַקע אַן אַלטע, אָבער זי שאַפט חידושים כסדר און איז פול מיט דער התחדשות פון די קוואַלן פון דער אייביקייט. המלכות תופס אחרינו וידו אוחזת בעקב עשיו. עשיוס טריט איבער דער וועלט האָבן גאָר ניט געשאַפן, אָבער ידו של יעקב האָט געגעבן דער וועלט די העכסטע און שענסטע אידעאַלן פון יושר און חכמה וואָס באַשטראַלן מיט זייער דערהויבענער ליכטיקייט די גאַנצע וועלט. דאָס איז אויך דער זין פון דער אַלטער און טראַדיציאָנעלער יידישער לעגענדע וועגן דעם, אַז די גאַנצע וועלט וועט גיין אויף אַן אייזערנעם בריק וואָס וועט איינפאַלן אין דער צייט ווען די יידן וועלן גיין אויף אַ פּאַפּירענעם בריק וואָס וועט אַלץ אויסהאַלטן און מיר וועלן בשלום אַריבערגיין דעם ים...

די גרויסע וועלט האָט טאַקע געבויט אייזערנע בריקן מיט שווערער מאַכט מיט געווער, מיט טאַנקען און אַוויאָנען. זי האָט געבויט די בריקן כדי מיט זייער הילף צו דורכגיין דורך די ברויזנדיקע כוואַליעס פון דעם צעשטורעמטן ים פון לעבן, אָבער דאָס האָט איר נישט געהאָלפן, ווייל זי איז אַריינגעפאַלן אין דעם ים פון שנאה און אומקום. דאַקעגן מיר, יידן, האָבן געבויט פּאַפּירענע בריקן, מיטן פּאַפּיר פון אונדזער תורה, פון אונדזער תנ״ך און פון אונדזער תלמוד, מיט דער הילף פון אונדזערע נביאים און חכמים, ראשונים ואחרונים. זיי האָבן אונדז געהאָלפן אַריבערגיין איבער דעם פּאַפּירענעם בריק און נישט אַריינפאַלן אין דעם צעברויזטן ים און זיי וועלן אונדז ווייטער אויך העלפן, בעזרת השם יתברך, צו אַריבערקומען אַלע אַנדערע צרות און געפאַרן, ביז עס וועט קומען די גאולה וישועה שלימה פאַר אונדזער פאָלק און פאַר מדינת ישראל.

# דער רעליגיעזער סאָציאַליזם

פרייהייט און לאַנד. דאָס זיינען צוויי שיינע מתנות וואָס ג־ט האָט געגעבן דעם מענטשן כדי ער זאָל האָבן גליק אין זיין לעבן.

לאַנד און פרייהייט. דאָס זיינען די צוויי וויכטיקסטע פונדאַמענטן אין לעבן, צו וועלכע עס איז באַרעכטיקט יעדעס פאָלק און יעדער מענטש. פאַר די צוויי פּאָסטולאַטן זיינען מענטשן גרייט צו גיין אין פייער און אין וואַסער, אין בלוטיקע מלחמות, כדי צו קעמפן אויף טויט און לעבן. דאָס איז אַן אַלטער אמת, ווייל פון זינט דער מענטש איז געקומען צו זיין שכל האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז ער מוז האָבן אַן אייגן שטיקל באָדן אונטער זיינע פיס, כדי ער זאָל דאָס קענען אָנרופן אַ „היים". אויסער דעם איז יעדער מענטש באַרעכטיקט צו האָבן זיין אייגענעם שטיקל באָדן וואָס ער זאָל קענען באַאַרבעטן און דערפון ציען זיין פרנסה. עס וואָלט געווען פּלאַץ פאַר אַלע מענטשן אויף דער וועלט און מען וואָלט געקענט אייביק לעבן אין שלום ושלוה, ווען נישט די מאַכט־גיריקייט פון די גרויסע און שטאַרקע פעלקער, וואָס האָבן פאַרכאַפּט פאַר זיך די בעסטע און שענסטע טיילן פון דער וועלט.

אָמר הקב"ה לישראל, זרעו שש והשמיטו שבע, כדי שתדעו שהארץ לי היא (סנהדרין ל"ט).

ג־ט האָט אָנגעזאָגט די יידן, אַז זיי זאָלן זייען און באַאַרבעטן די פעלדער זעקס יאָר צייט, אָבער אויפן זיבעטן יאָר מוזן זיי ווערן פאַרלאָזט כדי זיי זאָלן וויסן, אַז די ערד איז נישט זייערע, נאָר זי געהערט צום רבונו של עולם. מענטשן פאַרגעסן זייער אָפט, אַז זיי זיינען נישט די באַלעבאַטים איבער דער ערד, אַז זיי זיינען בלויז ציטווייליקע איינוווינער און פּראָוויזאָרישע שכנים ביי דעם אמתן און איינציקן באַלעבאָס פון דער גאַנצער וועלט.

אַנשטאָט די וועלט זאָל גיין אין דער ריכטונג פון פּראָגרעס און יושר, וואָס זאָל פירן צו דער אמתער פרייהייט, גייט זי גאָר אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. דער מענטש זוכט נאָר צו פאַרשקלאַפן און באַהערשן אַנדערע מענטשן. געוויסע פעלקער ווערן רייך און מעכטיק אויפן חשבון פון די אַנדערע וואָס ווערן אונטערטעניק, אָרעם און פאַרוואָרלאָזט. ס׳ווערן געפירט מלחמות וועמענס ציל איז נאָך מער צו אָנזאַמלען רייכטימער און פאַרמעגנס, צו צונעמען ביי די שוואַכע דאָס וואָס זיי פאַרמאָגן און צו פאַרשקלאַפן גאַנצע פעלקער און לענדער.

נאָר יידן האָבן די געזעצן פון שמיטה, וואָס זיינען פאַקטיש די פונדאַמענטן פון אמתן רעליגיעזן סאָציאַליזם. דאָס יידישע פאָלק ווייזט אַזוי אַרום אַ ליכטיקן ביישפּיל פאַר דער גאַנצער וועלט מיט זיין תורה און נבואה. מיר ווייזן דער וועלט, אַז עס איז מעגלעך אַ רעליגיעזער סאָציאַליזם באַזירט אויף הומאַנע און עטישע יסודות. די שמיטה איז דעריבער פאַקטיש די פילאָזאָפיע פון דער יידישער ציוויליזאַציע, ווייל די געזעצן פון שמיטה קומען אַרויס פון דער געטלעכער השפעה וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט געקריגן אויפן באַרג סיני ווען עס האָט באַקומען די הייליקע תורה. „זעקס יאָר זאָלסטו פאַרזייען דיין פעלד און זעקס יאָר זאָלסטו אַרומשניידן דיין וויינגאָרטן און איינזאַמלען די תבואה. אויפן זיבעטן יאָר זאָל זיין שבת, אָפּרו פאַר די פעלדער. זאָלסט נישט פאַרזייען און נישט אַרומשניידן דיין וויינגאָרטן. אַ רו פאַר די פעלדער און אַ שבת צו ג־ט. אַ יאָר פון רו דאַרף דאָס זיין פאַרן גאַנצן לאַנד״. ג־ט האָט אָנגעזאָגט די יידן, אַז די שמיטה־פּרוכט זאָל זיין צו עסן „פאַר דיר, פאַר דיין קנעכט, פאַר דיין דינסט, פאַר דיין געדונגענעם אַרבעטער און פאַר דעם איינגעוואַנדערטן וואָס האַלט זיך אויף ביי דיר, ווי אויך פאַר דיין בהמה און פאַר דער חיה וואָס איז אין דיין לאַנד. דאָס שמיטה־יאָר איז אַ רינג אין אַ קייט פון זיבן רינגען וואָס פירן צום יאָר פון יובל אין וועלכן עס ווערט פּראָקלאַמירט פולע פרייהייט אין לאַנד פאַר אַלע זיינע איינוווינער. און די תורה זאָגט „איר זאָלט האַלטן הייליק דאָס פופציקסטע יאָר״. וקראתם דרור בארץ לכל יושביה — איר זאָלט פּראָקלאַמירן פרייהייט אין לאַנד פאַר אַלע זיינע איינוווינער. יובל היא. איר זאָלט אַלע זיך אומקערן צוריק צו אייער אייגענטום, צוריק צו אייער משפחה.

עס איז דאָ אַ פראַגע אין הלכה, צי היינט ווען עס איז נישטאָ קיין יובל דאַרף אָנהאַלטן שמיטה, ווייל שמיטה איז דאָך ענג פאַר־בונדן מיט יובל.

אונדזער רעליגיעזער סאָציאַליזם איז אַ גליק פאַרן קיום פון דער מענטשהייט און פאַרן קיום פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, סיי פאַרן כלל און סיי פאַרן יחיד. דער מאַטעריאַליסטישער און מאַרקסיסטישער סאָציאַליזם האָט נישט דערפילט די האָפענונגען וואָס זייער פיל מענטשן האָבן געהאַט געלייגט אויף אים און האָט נישט געבראַכט נישט קיין גליק און נישט קיין שלום פאַר דער מענטשהייט. ער האָט נישט באַגליקט נישט דעם יחיד און נישט דעם כלל, נאָר פונקט פאַרקערט — פאַרשקלאַפט נאָכמער די מענטשן און צוגענומען ביי זיי סיי זייער פרייהייט און סיי זייער גליק. די אַזוי גערופענע „סאָציאַלע רעוואָלוציע" וואָס האָט אַזוי פיל שיינע זאַכן צוגעזאָגט פאַר מיליאָנען מענטשן האָט מיאוס באַנקראָטירט און גע־בראַכט גרויסע אומגליקן, מלחמות, פאַרניכטונג פון פעלקער און לענדער, פאַרגאָסן אומשולדיק בלוט פון זייער פיל מענטשן. די אַזוי גערופענע „פרייהייט" איז געשמירט געוואָרן מיט בלוט פון מיליאָנען מענטשן. די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט פאַר דער גאַנצער וועלט באַוויזן וואָס עס קען ווערן פון אַ גאָטלאָזער רעוואָלוציע, וואָס איז נישט באַזירט אויף די עטישע פרינציפן פון דער תורה. אויך דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם פון היטלערן ימ"ש און דער פאַשיזם פון איטאַליע האָבן מיאוס באַנקראָטירט און געבראַכט גרויסע אומגליקן אויף דער וועלט. די צוויי ווילדע טעאָריעס זיינען געווען פאַקטיש קינדער פון קאָמוניזם און זיי האָבן שיעור נישט חרוב געמאַכט די גאַנצע מענטשלעכע ציוויליזאַציע.

יושר און גערעכטיקייט קענען נאָר קומען ווען זיי קומען אַרויס פון די עכטע קוואַלן פון עטיק און מאָראַל. דאָס קען נאָר אַרויסקומען פון דער געטלעכער תורה. נאָר דורך דער דינאַמישער גאָט־דער־קענטעניש קען די מענטשהייט געהאָלפן ווערן. אַלע דאַרפן אָנערקע־נען, אַז עס איז דאָ אַ באַשעפער פון דער וועלט, אַ פאָטער פון דער גאַנצער יצירה, וואָס האָט באַשאַפן די וועלט מיט חסד און רחמים. מען מוז אָנערקענען, אַז קיין שום מענטש האָט נישט קיין רעכט צו זיין אַ באַלעבאָס איבער אַן אַנדער מענטש, אַז מיר זיינען נאָר צייט־ווייליקע שכנים און פראַוויזאָרישע איינוווינער אויף דער וועלט, אַז מיר האָבן נישט קיין רעכט צו פאַרשליסן די טויערן פאַר מענטשן

וואָס ווילן אַריינקומען. מיר דאַרפן עפענען אונדזערע גרענעצן פאַר פרעמדע און נישט האַלטן זיי פאַרמאַכט מיט וויזעס און פּאַספּאָרטן וואָס האַלטן די וועלט אַזוי צעטיילט אין ראַיאָנען פון ענגהאַרציקן עגאָיזם.

וואָס מיינט דרור? די גמרא זאָגט: „כמדייר בי דירה ומו־ביל סחורה בכל המדינה". אין דעם עטישן סאָציאַליזם — זאָגט אונדז אָן די תורה — דאַרפן זיין פאַרבונדן שביעית און יובל. אַזאַ מין עטישן און רעליגיעזן סאָציאַליזם וואָלט די גאַנצע וועלט גע־דאַרפט לערנען. דאָס יידישע פאָלק וואָס האָט דער וועלט געגעבן די דאָזיקע הויכע פרינציפּן דאַרף גיין ווייטער אין די וועגן פון די אידעאַלן וואָס האָבן געשאַפן די געזעצן פון שמיטה און יובל. דאָס זיינען די וועגן וואָס פירן צו דער אמתער פרייהייט סיי פאַר אונדזער פאָלק און סיי פאַר אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט.

# מיטן פנים צו דער לבנה

ווען מיר זיינען מחדש די לבנה זאָגן מיר „שלום עליכם, עליכם שלום". פרעגט זיך אַ פראַגע: ווי קומט דער אויסדרוק שלום עליכם צו דער צערעמאָניע פון מחדש זיין די לבנה? עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז מען האָט אַמאָל פאַרשטאַנען, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען מענטשן וועלן נעמען פליען צו דער לבנה און עס וועט זיין נייטיק צו באַגריסן זיך מיט אַ ברייטן און האַרציקן „שלום עליכם"...

אָבער דער אמתער באַדייט איז פיל טיפער און ערנסטער. אַמאָליקע יאָרן האָבן מענטשן זייער אָפט געווענדעט צו דער לבנה זייערע בליקן. די לבנה איז אין די נעכט געווען אַ קוואַל פון ליכטיקייט און פרייד. די האַרציקסטע סענטימענטן פלעגן מענטשן אויסדריקן אין די לבנה־נעכט מיט זייערע בליקן צו דעם בלאַסן שיין. נאָר איצט האָבן מענטשן אויפגעהערט צו באַזינגען די לבנה אַזוי ווי פריער. מען באַזינגט מער די וואָס גרייטן זיך צו פליען צו דער לבנה, צו די וואָס ווילן דאָרט שטעלן אַ פוס און נישט שטענדיק מיט ריינע און פרידלעכע כוונות. צו זיי זיינען איצט געווענדעט די מענטשלעכע בליקן.

די לבנה איז שוין אַריינגעשלעפט געוואָרן אין אונדזער ערדישער פּאָליטיק. עס גייט אָן אַ שטילער געראַנגל צווישן דער דעמאָקראַטישער וועלט און צווישן דער קאָמוניסטישער וועלט, ווער עס וועט פריער דערגרייכן די לבנה. ביידע צדדים באַרימען זיך מיט זייערע נייעסטע אויפטוען און דערגרייכונגען אויפן געביט פון פליען צו דער לבנה, צו די פּלאַנעטן. די דאָזיקע מאָדערנע וויסנשאַפט ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָליטישן יריד. מיר ווייסן זייער גוט וואָס דער רוסישער בער קען טראַכטן וועגן דער לבנה. ער וועט קיין ברכה איבער איר נישט מאַכן, קיין „שהחיינו" אויך נישט. זיינע כוונות

זיינען פאַרקערטע. ער וויל דורך דער לבנה טרעטן אויף זיינע פּאָ־ליטישע קעגנער אויף דער ערד, טרעטן אויף דער גאַנצער דעמאָ־קראַטישער וועלט. דאָס דערמאָנט אונדז דעם דראַמאַטישן עפּיזאָד פון דור הפלגה וואָס האָט געוואָלט בויען דעם מגדל, דעם באַבילאָ־נישן טורעם ביז צום הימל און דאָרט מיט דער הילף פון דער שווערד קאָנטראָלירן די דעמאָלטיקע אַלטע וועלט.

דאָס איז פּאַקטיש די טראַגעדיע פון היינטיקן געיעג צו די הימ־לישע הויכקייטן.

די דעמאָקראַטישע וועלט פאַרשטייט, אַז די קאָמוניסטן ווילן מיט אַלע כוחות דערגרייכן צו דער לבנה, כדי נאָך פעסטער צו קענען מאַכן זייער „אייזערנעם פאַרהאַנג״ אויף דער ערד. דערצו נוצן זיי אַלע מאָדערנע דערגרייכונגען פון דער קאָסמישער וויסנשאַפט און דערצו טרענירן זיי זייערע קאָסמאָנאַוטן. זיי ווילן נאָך שטאַרקער מאַכן זייער קאָנטראָל איבער דעם מענטש דורך זייער נצחון איבער דער לבנה. זיי ווילן, אַז זייער רויטער שטערן זאָל פאַרטונקלען דעם שיין פון בלויען און ליכטיקן קאָסמאָס וואָס ג־ט האָט באַשאַפן. זייער פּלאַן איז, אַז אין דער צוקונפט זאָל דער ראַטנפאַרבאַנד קענען טראַנס־פּאָרטירן אַרמייען מיט אַטאָמישן געווער צו דער לבנה און דראָען דער פרייער וועלט מיט פולשטענדיקער פאַרניכטונג, אויב זי וועט נישט קאַפּיטולירן און אונטערוואַרפן זיך דער קאָמוניסטישער הערשאַפט.

די מענשהייט האָט יאָרן לאַנג געטרוימט וועגן דערגרייכן אַמאָל די הויכע ספערן פון קאָסמאָס, אָבער דער חלום ווערט לײדער איצט אויסגענוצט דורך בלוטיקע און מאַכט־גיריקע רעזשימען. פון דעם שיינעם חלום קען אַמאָל זיך אויסלאָזן אַ מבול פון פייער און בלוט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. די וויסנשאַפט איז פאַרשקלאַפט גע־וואָרן צו דער רויער פּאָליטיק און איז געוואָרן אַן אינסטרומענט פון אַ געוויסנלאָזער דיקטאַטור. די קאָמוניסטישע הערשער ווילן דער־גרייכן צו די הימלען כדי צו פאַרשקלאַפן די ערד. זיי ווילן ערדיש מאַכן דעם הימל אויף וועלכן עס איז געזאָגט געוואָרן „השמים מספ־רים כבוד אל ומעשי ידיו מגיד הרקיע״... זיי ווילן אויסגעפינען וואָס מער פאַרניכטונג־מכשירים כדי צו קענען באַדראָען די פרייהייט פון דער וועלט און פון מיליאָנען מענטשן אין אַ צייט ווען דער פּראָבלעם פון הונגער איז אַ געשפּענסט וואָס ווערט אַלץ ערנסטער און ערנסטער. אין רוסלאַנד גופא איז נישטאָ גענוג ברויט פאַר די סאָוויעטישע

בירגער און פונדעסטוועגן אַרט עס נישט די קאָמוניסטישע מושלים. זאָל דאָס פאָלק הונגערן, אבי דער קאָמוניזם זאָל קענען קריכן צו דער לבנה.

מיט די ריזיקע סומעס וואָס דער סאָוויעטישער רעזשים גיט אויס אויף צו אַנטוויקלען זיינע קאָסמאָס־פליען, וואָלט מען דאָך געקענט שפייזן די הונגעריקע, היילן די קראַנקע און שאַפן אינסטי־טוציעס פון פרידן און ווילזיין פאַר דעם מענטשן. אָבער די קאָמו־ניסטן אַרט נישט וואָס זייערע בירגער ליידן הונגער און גייען אַרום אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. פאַר זיי איז דער עיקר זייער סיסטעמאַ־טישער געיעג נאָך מער מאַכט, נאָך מער מכשירים פון טויט און פאַרניכטונג.

זינט דער מענטש איז געקומען צו זיין שכל און באַוווסטזיין האָט ער געשטרעבט צו דערגיין די סודות פון דער נאַטור און די מיס־טעריע פון די הימלישע רוימען. דערצו פירט איצט די וויסנשאַפט, אָבער דאָס וואָלט געהאַט אַ זין און אַ צוועק ווען דאָס וואָלט געווען אַ רעזולטאַט פון אַ דראַנג פון מענטשלעכקייט און מאָראַל, פון אַ שטרעבונג צו פאַרבעסערן און פאַרשענערן דאָס לעבן פון די מענטשן אויף דער ערד. ליידער איז דאָס נישט אַזוי. מיר זעען, אַז דער מענטש דערנענטערט זיך אַלץ מער, אין טעכנישן און פיזישן זין, צו די הויכע הימלען, אָבער אין דער זעלבער צייט זינקט ער מער שאול תחתיה אין גייסטיקן זין און מיט זיין מאָראַל. אויף דער ערד ווערט דער מענטש אַלץ מער אויס מענטש און עס קומט אויף אַ נייער דור הפלגה. מענטשן פאַרשטייען זיך נישט און עס קומען אַרויס אַלץ מער קאָנפליקטן און קריגערייען. אין גייסטיקן און מאָראַלישן זין זינקט דער מענטש אַלץ נידעריקער און נידעריקער. פיזיש דערנענ־טערט מען זיך אַלץ מער צו די הימלען, אָבער די נשמה פון די מענטשן נידערט אַראָפּ כסדר צו די טיפסטע אָפּגרונטן. דער מענטש וויל אומברענגען דעם מענטשן און אים באַהערשן לכל הפחות.

עס איז אויפגעקומען די אינטערעסאַנטע און וויכטיקע פראַגע, צי דער מענטש מעג פליען אין די הויכע הימלען לויט די רעליגיעזע באַ־גריפן. אין געוויסע רעליגיעזע קרייזן האָט מען געהאַלטן, אַז דער מענטש טאָר דאָס נישט טאָן. עס שטייט דאָך אין תהילים, אַז „השמים שמים לה״ והארץ נתן לבני אדם״. די הימלען געהערן צו ג־ט, נאָר די ערד איז געגעבן געוואָרן צו די מענטשן. פון דעם האָט מען געדאַרפט

דרינגען, אַז דער מענטש האָט נישט קיין רעכט צו אַריינרייסן זיך אין די הימלישע ספערן, וואָס געהערן נישט צו אים.

לויט מיין מיינונג איז דער יידישער הלכה־צוגאַנג אַן אַנדערער. עס איז לגמרי נישט קיין עבירה, אַז דער מענטש זאָל שטרעבן צו אויספאָרשן און אַרומפליען אין די הימלישע הויכן. אדרבא, דאָס איז אַ מצוה. זאָל דער מענטש זען די גרויסקייט פון רבונו של עולם, דעם אין סוף פון דעם געטלעכן כוח. ווי דער רמב"ם זאָגט אין הלכות דעות: זאָל דער מענטש זען פאַר זיך די הימלען, ווייל ווען ער זעט די שטערן און די אומענדלעכע הויכקייטן, זעט ער דעם אין סוף און ער קריגט נאָך מער אהבת השם, ליבשאַפט צו דעם אייביקן באַשעפער.

אין דעם תלמוד בבלי, מס" סוכה (ד" ה") פרעגט די גמרא ווי אַזוי האָט משה רבינו מיט אליהו הנביא געקענט אַרויפקומען אין הימל. עס שטייט דאָך געשריבן השמים שמים לה". ענטפערט דערויף דער תלמוד „למטה מעשרה". דאָס מיינט צו זאָגן, אַז די הימלען זיינען אָן אַ סוף. וואָס ווייטער מען פליט אין די הימלען זעט מען, אַז עס ענדיקט זיך נישט און מען בלייבט שטענדיק „למטה מעשרה" פון דער שכינה, פון דעם געטלעכן פלאַץ און פון דעם כסא הכבוד.

אין מדרש ווערט אויך געשטעלט די פראַגע פון השמים שמים לה" און דער מדרש ענטפערט: פאַר מתן תורה זיינען געווען גרענעצן צווישן הימל און ערד, נאָר כדי די יידן זאָלן קענען קריגן די תורה אויפן באַרג סיני האָבן זיך געעפנט די גרענעצן און אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

אין אַלגעמיין איז דער גאַנצער ענין וועגן פליען אין די הויכע הימלען רעדוצירט פּאַקטיש צו איין וויכטיקער פראַגע: וואָס טראַכט דאָרטן דער מענטש צו טאָן? דאָס איז דער עיקר. אויב ער וויל דאָרט קומען כדי צו איינפירן אַזאַ „אָרדענונג" ווי אויף דער זינדיקער ערד, מיט בלוט־פאַרגיסונגען, פאַרשקלאַפונג און טעראָר, איז פיל גלייכער, אַז ער זאָל נישט באַמיען זיך. אויב אָבער ער וויל קומען צו די הויכע הימלען מיט ריינע און שיינע כוונות, צו פאַרשענערן און פאַרבעסערן דעם מין מענטש — איז דאָס עפּעס אַנדערש. עס איז זיכער נישט קיין עבירה צו פליען אין די הימלען, אויב מען וויל דורכדעם דערהויבן דעם מענטשלעכן גייסט און דערנענטערן די מענטשן צו ג־ט.

אין דער געשיכטע פון מגדל בבל ווערט דערציילט, אַז דער גרעס־טער חטא פון די דעמאָלטיקע מענטשן איז געווען וואָס זיי האָבן גע־זאָגט „נעלה ונעשה חרב (ע"ז) שם על השמים". זיי האָבן געוואָלט

איינפירן עבודה זרה און ברענגען צו בלוט־פאַרגיסונגען. דערפאַר האָט דער רבונו של עולם צעשטערט זייערע פּלענער און דער גאַנצער דור הפלגה איז אומגעקומען. דער קאָצקער רבי האָט געזאָגט „השמים שמים לה׳‟ — אַז דער הימל דאַרף זיין הייליק צו ג־ט, והארץ נתן לבני אָדם‟, די ערד איז געגעבן געוואָרן צו דעם מענטשן, אַז ער זאָל אויף איר איינפירן הימלישקייט און גערעכטיקייט. לײַדער זעען מיר, אַז דער מענטש וויל גאָר פאַרערדישן דעם הימל. אין דעם ליגט די גרעסטע געפאַר פון די נייע פלי־צוגן צו די הימלען.

דערפאַר זעען מיר, אַז די מענטשהייט פרייט זיך גאָרנישט אַזוי שטאַרק מיט די דאָזיקע דערגרייכונגען פון דער מאָדערנער חלל־וויסנשאַפט. מען שרעקט זיך גאָר טיף אין האַרצן פאַר דעם וואָס קען דערפון אַרויסקומען מיט דער צייט. און בכלל זיינען אַלע נייע דערפינדונגען פון דער לעצטער צייט נישט קיין מאָטיוו פון פרייד פאַרן מענטשן. דער מענטש שרעקט זיך פאַר דעם וואָס קען פאַסירן, ווייל די דאָזיקע דערפינדונגען ווערן לײַדער נישט אויסגענוצט אויף צו דערהויבן דעם מין מענטש און צו מאַכן אים בעסער און שענער. מיר זעען, אַז די מיליטאַריסטן פון קרעמל אין מאָסקווע באַרימען זיך מיט זייערע נייעסטע טויט־דערפינדונגען און זיי קאַלקולירן וויפל מענטשן קענען אומקומען פון זייערע נייע ראַקעטן און באָמבעס.

אָט דערפאַר קען די מענטשהייט זיך נישט פרייען מיט די לעצטע דערגרייכונגען פון די קאָסמאָס־פליער. עס גייט אונדז נישט אין די פרייד פון דעם וואָס מען קלייבט זיך שוין אינגיכן צו פליען צו דער לבנה. מיר ווייסן דאָך, אַז די וואָס וועלן דאָרט קומען, האָבן נישט די כוונה צו זאָגן „שלום עליכם, עליכם שלום‟ ווי די יידן זאָגן דאָס צו דער לבנה. גיכער וועלן די פליער זאָגן „מלחמה עליכם — עליכם מלחמה‟.

טראָץ אַלעמען דאַרפן מיר בעטן דעם רבש״ע, אַז ער זאָל אַריינברענגען מחשבות פון שלום און קאָאָפּעראַציע צווישן די פעלקער אין די הערצער און קעפּ פון די פירער פון די גרויסע פּאָטענצן, וואָס גרייטן זיך צו שיקן זייערע פליער צו דער לבנה, כדי די מענטשהייט זאָל קענען געניסן פון אַ פּעריאָד פון שלום, אין גייסט פון העכערן און געטלעכן אין סוף.

אין ילקוט ווערט געזאָגט אויף די טרייסט־ווערטער „אל תירא עבדי יעקב‟ דאָס פאָלגנדע: עס קען דאָך זיין, אַז דער מענטש וועט דערגרייכן די העכערע ספערן פון די הימלען און ער וועט שוין נישט

אַראָפּקומען צוריק. ער וועט נישט אַראָפּפאַלן. שמא כשיעלה לשמים אין לו ירידה... זאָגט דערויף דער נביא: אם בין הכוכבים שים קיניך, משם יורידך ה״. אַפילו ווען דיינע נעסטן וועלן זיין אין די הימלען, וועט ג־ט דיר פון דאָרט אַראָפּנידערן, ווייל די געטלעכע השגחה וועט בשום אופן נישט דערלאָזן, אַז דער מענטש זאָל דאָרט זיך באַזעצן. די השגחה וועט נישט דערלאָזן, אַז די בלויע הימלען זאָלן באַפלעקט ווערן מיט רויטן בלוט. נאָר די וואָס וועלן קומען צו די הימלען מיט ריינע און שיינע כוונות וועגן מענטשלעכער ברידערלעכקייט און וועגן גייסטיקער העכערקייט, וועלן דאָרט האָבן דערפאָלג און זיי וועלן קענען מיטהעלפן אין דער פאַרבעסערונג און פאַרשענערונג פון מענטשלעכן לעבן אויף דער ערד.

מען דאַרף מתפלל זיין צו ג־ט, אַז אַזוי ווי ער האָט דערלויבט, אַז די מענטשן זאָלן זיך אויסלערנען צו שווימען אין די טיפענישן פון די וואַסערן און צו פליען אין די הויכע הימלען, אַזוי זאָלן זיי זיך אויך קענען אויסלערנען צו לעבן בשלום איינער מיטן אַנדערן און צו איינפירן אַ געזעכטע אָרדענונג אויף דער וועלט.

די ווערטער פון נביא ישעיהו וואָס זאָגט, אַז „לא יהיה לך עוד אור השמש לאור יומם ולנגה הירח לא יאיר לך, והיה לך ה׳ לאור עולם. (ישעיה ס׳) אַז די זון־שטראַלן וועלן פאַרטונקלט ווערן און די לבנה וועט ווערן פאַרכמאַרעט און פאַרשטעלט, אויב די דאָזיקע אייביקע מתנות פון ג־ט פאַר דער מענטשהייט וועלן נישט באַוועגן דעם מענטשן צו לעבן אין גייסט פון יושר און צדק, אין גייסט פון ג־ט.

די גמרא זאָגט אין נדרים אַז לעתיד לבוא וועט השי״ת אַרויסנעמען די זון פון איר שייד און זי וועט געבן אַזוי פיל וואַרעמע און ליכטיקע שטראַלן, אַז די רשעים וועלן פון דער היץ פאַרברענט ווערן און די צדיקים וועלן געהיילט ווערן דורך דער וואַרעמקייט.

די זון איז שטענדיק געווען איינגעהילט אין אַ מיסטעריעזער שייד, וואָס איז געווען שווער צו אַנטפּלעקן און פאַרשטיין. די מענטשהייט האָט נישט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון די זון־שטראַלן. אָבער איצט, נאָכדעם ווי עס איז אויסגעפונען געוואָרן די אַטאָמישע קראַפט, פאַרשטייען מענטשן, אַז מיט דער הילף פון זון־שטראַלן קען מען היילן פאַרשידענע קראַנקהייטן, דורך אַטאָמישער ענערגיע, אָבער מען קען אויך פאַרניכטן וועלטן מיט איר הילף און עפענען אַ פייער פון גיהנום פאַר דער וועלט, דורך דעם כוח פון צעשפּאָלטענעם אַטאָם. דאָס האָט געמיינט דער נביא ישעיהו ווען ער האָט געזאָגט „ותפחד תמיד כל

היום מפני חמת המציק להשחית — ואיה חמת המציק ? דער נביא דער־מאָנט פריער „ותשכח ה׳ עושיך נוטה שמים ויסד ארץ" (ישעיהו נ"א).

די וועלט איז אַזוי איבערגעשראָקן טראָץ אַלע גרויסע דערגרייכונ־גען און דערפינדונגען און עס פרעגט זיך אַ פראַגע, פאַרוואָס איז אַזוי גרויס די שרעק ? דער ענטפער איז, אַז דער „חמת המציק", די דעפּרעסיע פון שרעק צוליב מורא פאַר פאַרניכטונג, דריקט אין די טיפענישן פון דער מענטשלעכער נשמה היינט צו טאָג, ווייל — כאשר כונן להשחית, דער מענטש אַליין האָט דערפונדען אַלע זיינע דער־פינדונגען נישט אויף צו ברענגען גליק און געזונט פאַר דער מענטש־הייט, נאָר אויף צו פאַרניכטן איר.

טאָ וואָס איז די עצה דערצו ? די עצה איז, אַז די מענטשהייט זאָל זיך דערנענטערן צו די הימלען אין העכערן און גייסטיקן זין. מען דאַרף דערהויבן די נשמה פון מענטשן צו ג־ט און נאָר אויף אַזאַ וועג וועט דער רבונו של עולם רחמנות האָבן אויף זיינע באַשע־פענישן און נישט פאַרטיליקן זיי. נאָר אויף אַזאַ וועג וועט דער מענטש קענען אויפהערן צו מורא האָבן פאַר זיין מאָרגן, פאַר זיין צוקונפט אויף דער זינדיקער ערד. נאָר אַזוי וועלן אַלע דערפינדונגען פון דעם מענטשן ברענגען גליק און אַ ישועה פאַר אַלעמען. נאָר אַזוי וועט די מענטשהייט קענען לעבן אין שלום און שלוה און געניסן אויף שטענדיק פון אַלע דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפט.

# די נשמה פון דער יידישער דערציאונג

גאָר אַ גרויסע און האַרבע פראַגע מאַטערט זינט אַ צייט אַלע יידישע מחנכים און פעדאַגאָגן, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער דער־ציאונג פון יונגן יידישן דור אין די תפוצות: וואָס טוט מען, כדי אונדזער יוגנט זאָל גיין אויף אַ גוטן יידישן וועג און קריגן אַ גוטע און געזונטע יידישע דערציאונג? וואָס טוט מען, כדי אונדזער יוגנט זאָל נישט אָוועקגיין פון אונדז און פאַרקריכן אין פרעמדע וויינ־גערטנער?

כדי צו ענטפערן אויף דער פראַגע, דאַרף מען זיך אַביסל פאַר־טראַכטן און נעמען אין אַכט די ספּעציפישע אומשטענדן וואָס האָבן געווירקט אין דער יידישער דערציאונג מיט יאָרן צוריק. כדי צו פאַרשטייך דעם עתיד מוז מען נעמען אין אכט דעם עבר. דאָס איז אַן אַלטער כלל. וואָס זיינען געווען די כוחות וואָס האָבן געווירקט אין יידישן חינוך אַמאָליקע צייטן?

נאַטירלעך איז די שפּראַך געווען אַ גרויסער כוח. די יידישע שפּראַך האָט פאַרבונדן מיט געניוע טויזנט יאָר פון יידישער קולטור־געשיכטע אין דער אַלטער היים. עס איז נישט געווען מעגלעך צו דערציען אונדזער יונגן דור אָן דער יידישער שפּראַך.

אָן יידיש פעלט עפּעס אין דער נשמה פון פאָלק. ווי האָט געזאָגט אַמאָל אַ גרויסער יידישער שרייבער, אַז דער כוח פון יידיש איז נישט בלויז אין דעם וואָס מיר קענען רעדן די שפּראַך, נאָר וואָס זי רעדט זיך פון זיך אַליין... יידיש איז דורכגעזאַפּט דורך און דורך מיט יידישקייט און מיט געפילן פון נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן יידישן באַוווסטזיין. יידיש איז דורכגעדרונגען מיטן געוויין פון גלות און איינגעוועבט אין אונדזער תורה שבכתב און תורה שבעל פה. אונ־דזערעביידע נאַציאָנאַלע שפּראַכן — העברעאיש און יידיש — זיינען

פּאַקטיש איינס. לשון קודש איז אַן אָרגאַנישער טייל פון אונדזער יידיש און יידיש איז פאַרבונדן מיט אונדזער לשון קודש. עס טאָר בשום אופן נישט זיין קיין ריב לשונות, קיין קאַמף צווישן אונדזערע צוויי טייערע שפּראַכן. קדושת הלשון קומט פון קדושת התורה. אונדזער שפּראַך איז פאַרבונדן מיט דער נשמה פון אביי ורבא און איז יאָרן לאַנג געווען אין די מיילער פון טויזנטער ישיבה־בחורים וואָס האָבן געלערנט תורה ביי די שטענדערס פון די ישיבות. די יידישע שפּראַך האָט אַרויסגעשפּרודלט מיט אירע גייסטיקע שטראַלן און באַלויכטן אונדזער לעבן אין די אַלטע היימען.

אונדזער נייער דור דאַרף זיך אויסלערנען איצט ווי צו לעבן על קידוש השם. די צרה מיט אונדז, יידן, איז וואָס מיר האָבן געקענט נאָר שטאַרבן על קידוש השם, אָבער מיר ווייסן נישט ווי צו לעבן על קידוש השם. עס איז זייער שווער צו לעבן אַ יידיש טראַדיציאָ־נעל לעבן. וואָס זאָל זיין דורכגעדרונגען מיט קדושה. נישט נאָר מיט שפּראַכן אַליין, ווייל דער עיקר איז דאָך דער גייסט פון יידישקייט און דאָס לעבן אַן אמתן און נשמהדיקן יידישן לעבן.

דערציען אַ יידישן תלמיד און אויפשטעלן אַ נייעם דור פון יונגע יידן מיינט שאַפן אַ יידישן גייסט, אַ יידישן מענטשן וואָס זאָל טאַקע זיין אַן אָרגאַנישער און אינטעגראַלער טייל פון אונדזער לעבן און נישט נאָר זאָרגן צו יוצא זיין פאַר אַנדערע, פאַר פרעמדע. נוטרה את הכרמים, כרמי שלי לא נטרתי. מיר דאַרפן צוערשט זאָרגן פאַר אונדז אַליין און באַמיען זיך צו פאַרטיפן די יידישע נשמה.

עס איז באַקאַנט די תפילה וואָס אַן אַמאָליקער יידישער פּעדאַגאָג, נחום גבריאלי, האָט פאַרפאַסט: ולמלמדי תינוקות של עמך בית ישראל — און צו די מלמדים פון די קינדער פון דיין פאָלק ישראל, זאָלסטו ג־ט געבן אַ מוטיק האַרץ, אַן ערלעכן געוויסן און גענוג כוח, זיי זאָלן קענען דורכפירן זייער אַרבעט, זיי זאָלן טאָן די גייסטיקע מלאכה מיט אמונה און זאָלן נישט געשטרויכלט ווערן אין זייער געדולד. זייערע הענט זאָלן נישט ווערן אָפּגעשוואַכט. זאָלסט אָפּטאָן פון זיי די נערוועזקייט. זאָלסט געבן זייערע דערציער גוטע תלמידים וואָס זאָלן מצליח זיין אין לערנען תורה. זאָל פון זייערע הענט נישט אַרויסגיין קיין שלעכטער תלמיד. און מיר און אונדזערע קינדער און כלל ישראל זאָלן קענען לויבן דיין נאָמען און לערנען תורה לשמה.

דאָ אין מעקסיקע האָט אַ יידישער פּעדאַגאָג, אבנר אליפז, געשריבן, אַז די אויפגאַבע פון יעדן יידישן פאָטער און פון יעדער יידישער מוטער, וואָס ווילן, אַז זייערע קינדער זאָלן דערצויגן ווערן אַלס גוטע יידן, איז צו שאַפן אין זייערע היימען אַן אַטמאָספער פון גוטער און ערלעכער טראַדיציאָנעלער יידישקייט. די יידישע עלטערן טאָרן נישט דערלאָזן, אַז די דינסטן זייערע זאָלן זיין די דערציערינס פון זייערע קינדער. די יידישע קינדער דאַרפן דערצויגן ווערן צו תורה און מעשים טובים און טאָקע מיט ליבשאַפט צו דער יידישער שפּראַך. מען זאָל די קינדער נישט אָנרופן מיט גויאישע נעמען, ווייל דאָס דערווייטערט זיי אויך פון גייסט פון יידישן פאָלק. די קינדער דאַרפן ליב האָבן דאָס יידישע פאָלק און מדינת ישראל. און אבנר אליפז פרעגט וואָס איז דער ציל פון אונדזער חינוך ? וואָס איז דער צוועק פון אונדזער דערציאונג־סיסטעם ? און דער ענטפער איז, אַז מיר דאַרפן איינפלאַנצן אין דער יוגנט אונדזערער די עטישע אידעאַלן פון אונדזערע נביאים און אַן אייגענעם יידישן אורח חיים וואָס איז אומבאַדינגט נייטיק פאַר אונדזער המשך און קיום אַלס פאָלק, אין די ספּעציפישע באַדינגונגען פון דער יידישער עקזיסטענץ אין די גלות־לענדער.

צו וואָס דאַרפן מיר זוכן נייע וועגן און קאָפּירן אַנדערע פעלקער, אין דער צייט ווען מיר האָבן אונדזערע אייגענע אַלטע און אויסגעפּרוווטע מעטאָדן פון דערציען אונדזער יונגן דור ? מיר האָבן דאָך געזען, אַז די אַלטע מעטאָדן אונדזערע האָבן געבראַכט זייער גוטע רעזולטאַטן. אַפילו די אַזוי גערופענע „פרייע" און אַפּיקורסים האָבן דאָך באַקומען זייער יידישע דערציאונג אין חדרים און ישיבות, דאָס הייסט אין טראַדיציאָנעלע חינוך־אַנשטאַלטן. זייענדיק טיף אין זייערע נשמות פאַרוואָרצלט אין אונדזערע אַלטע מקורות, האָבן זיי געקענט שפּעטער אויסקלייבן פאַר זיך פאַרשידענע אידעאָלאָגישע וועגן, אָבער זיי זיינען געבליבן גוטע יידן.

טאָ פאַרוואָס זאָל מען נישט איינפירן אין די מאָדערנע יידישע שולעס דעם לימוד פון יידישער טראַדיציע ? דער בעסטער אָפּהאַלט קעגן דער ביליקער אַסימילאַציע איז פאַרט די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע יידישע דערציאונג. דאָס זעען שוין איין ביסלעכווייז אַלע פּעדאַגאָגן און דערציערס. עס איז זייער וויכטיק, אַז די יידישע שולע זאָל העלפן געשטאַלטן די יידישע היים און אַרויסהעלפן די עלטערן אין דער געזונטער דערציאונג פון זייערע קינדער. עס וואָלט

געדאַרפט איינגעפירט ווערן אַ מנהג צו געבן די עלטערן, ווען זיי קומען איינשרייבן זייערע קינדער אין די יידישע שולעס, אַ רשימה פון די יסודי המצוות, כדי זיי זאָלן קענען באַצייטנס צוגרייטן דעם יונגן דור צו אַ געזונט און גאַנץ יידיש לעבן. אין דער היים דאַרפן די תלמידים זען ווי די עלטערן היטן אָפּ שבת און יום טוב. עס דאַרף איינגעפירט ווערן אַ כשרע קיך אין יעדער יידישער היים, מיט די קינדער דאַרף מען רעדן יידיש און העברעאיש. נאָר אַזוי וועט מען קענען ראַטעווען דעם יונגן דור און פאַרמיידן, אַז ער זאָל פאַר־פלאָנטערט ווערן אין די נעצן פון דער געפערלעכער אַסימילאַציע. די יידישע דערציאונג דאַרף באַזירט ווערן אויף מעשים — אויף תשובה ומעשים טובים.

עס איז אָבער איין זאַך נישט קלאָר: פאַרוואָס האָט מר אליפז פאַרגעסן צו פאַרלאַנגען, אין זיינע אַרטיקלען וועגן דער יידישער דערציאונג אין דער היגער יידישער פרעסע, אַז אויך די לערער און מנהלים פון די שולעס זאָלן זיין שומרי שבת און אויך פירן כשרע קיכן אין זייערע אייגענע היימען. ווייל אויב, רבי לא שנה חיא מנין? — אויב דער לערער אַליין האַלט ניט פון קיין שבת און יום טוב און פירט נישט קיין כשרע קיך ביי זיך אין דער היים און פאָלגט נישט נאָך די וועגן פון תורה ומסורה, טאָ ווי וועט ער קענען דאָס פאַרלאַנ־גען פון זיינע תלמידים און פון די עלטערן?

עס האָט פּאַסירט, אַז אַ תלמיד האָט געפרעגט זיין לערער אין אַ יידישער שולע, ווען ער האָט געלערנט וועגן די דינים פון שבת, כשרות אאַז"וו. אַ פשוטע פראַגע: לערער, פאַרוואָס זיינט איר דאָס אַלץ נישט מקיים? האָט דער לערער געענטפערט: איך בין שוין אַן עלטערער מענטש און איך דאַרף דאָס נישט: דערויף האָט דער תלמיד זייער נאיוו און אומשולדיק אַ פרעג געטאָן ווידער דעם לערער: לערער, וויפל פעלט נאָך מיר, אַז איך זאָל שוין מעגן מחלל שבת זיין, עסן טריפות און טאָן כל דבר אָסור?...

ביי אונדז, יידן, איז די דערציאונג שטענדיק געשטאַנען אין סאַמע צענטער פון אונדזער לעבן. עלטערן פלעגן פשוט זיך מקריב זיין, אָפּרייסן פון זייער ביסן ברויט און פון דאָס סאַמע נויטוועדיקסטע כדי צו קענען שיקן זייערע קינדער לערנען תורה. און טאָמער פלעגן די עלטערן זיין צו אָרעם אויף צו צאָלן שכר לימוד, פלעגט קהל זאָרגן פאַר דער דערציאונג פון די אָרעמע קינדער. דעריבער מוזן מיר זען, אַז אויך דאָ, אין די נייע היימען, זאָל מען העלפן די

ישיבות וואָס לערנען תורה מיט יידישע קינדער און וואָס ראַנגלען זיך מיט גרויסע פינאַנציעלע שוועריקייטן. מיר דאַרפן אויך זאָרגן פאַר אַלע אַנדערע יידישע חינוך אינסטיטוציעס, כדי זיי זאָלן קענען שטיין אויף דער געהעריקער הויך. ווייל נאָר אַ גוט־דערצויגענע און באַוווסטזיניקע יידישע יוגנט איז די בעסטע גאַראַנטיע קעגן דער געפאַר פון אָפּפרעמדונג און די בעסטע פאַרזיכערונג פאַר דעם קיום און המשך פון אונדזער יידישן לעבן און פאַר דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ פון די יידישע אינסטיטוציעס.

די שטאַרקייט און סאָלידקייט פון יידישע ישובים איבער דער וועלט איז שטענדיק געמאָסטן געוואָרן מיט דער מאָס פון לימוד התורה. דאָרט ווו דער אור התורה איז אויסגעלאָשן געוואָרן, איז אויך אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס גאַנצע יידישע לעבן. דער אויפשטייג און — חלילה — דער אונטערגאַנג פון יידישע ישובים איז אָפּהענגיק פון דער יידישער דערציאונג פון דעם יונגן דור און פון דער שטאַרקייט פון גייסט פון דער תורה אין זיי.

אַמאָל האָבן יידן געמיינט, אַז אין די נייע אַמעריקאַנער היימען איז די יידישע יוגנט נישט מסוגל צו לערנען תורה און צו קריגן אַ געזונטע און טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג. עס האָט געזאָלט הייסן, אַז „אַמעריקע" איז נישט קיין פּלאַץ פאַר תורה און נישט פאַר קיין חינוך תורני. מען האָט געמיינט, אַז אין די אַמעריקאַנער ישובים איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַזוינע „נאַרישקייטן" פון דער אַלטער היים און אַז אַלע חלומות וועגן אַ רעליגיעזער יידישער דערציאונג פּאַסן זיך נישט צו די ישובים פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט. וועגן דרום־אַמעריקע איז דאָך שוין אָפּגערעדט. לאַנגע יאָרן האָט מען אַפילו נישט געוואָלט אומקוקן זיך אויף די נייע ישובים און נישט גענומען אין אַכט זייער שווערן געראַנגל פאַר יידישן חינוך. דאָס איז געווען אַזוי ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. ערשט ווען דער טראַגישער חורבן אונדזערער אין אייראָפּע האָט פאַר אונדז געמאַכט וואָגיק און טייער יעדן יידישן ישוב, ווי קליין ער זאָל נישט זיין, האָט מען גענומען אַרומזען זיך, אַז אויך אין דרום־אַמעריקע געפינען זיך יידן וואָס ווילן בלייבן יידן און וואָס זיינען גרייט צו קעמפן פאַר זייער יידישקייט.

כל זמן עס איז געווען אַ געדיכטער און קאָמפּאַקטער יידישער צענטער אין אייראָפּע האָט מען נישט אַרויסגעזען די יידישע ישובים פון דרום־אַמעריקע. נאָך אונדזער גרויסן און טראַגישן חורבן האָט

מען זיך אַרומגעזען, אַז מען מוז קומען צוהילף די קליינע און שוואַכע ייִדישע ישובים, ווייל זיי זיינען געבליבן אָפּגעריסן פון די גייסטיקע וואַרצלען פון וועלכע זיי האָבן פריער זיך גענערט. זיי זיינען געבליבן איינזאַם און פאַריתומט, ווייל די עמיגראַציע פון אייראָפּע איז אינ־גאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן.

דער אויסערלעכער דרוק פון דער נישט־ייִדישער סביבה איז באַזונדערס שווער אין די ישובים. נאָר מיט אַ שטאַרקן ענטוזיאַזם און מיט אַ עקשנותדיקן ייִדישן גייסט איז מעגלעך פאַר די ישובים צו אויסהאַלטן און נישט אונטערגעבן זיך דער אַרומיקער סביבה. אָבער די ישובים דאַרפן קריגן אונדזער ברידערלעכע שטיצע און דער־מוטיקונג, כדי זיי זאָלן קענען מיט דערפאָלג אויסהאַלטן דעם שטורעם פון דער אַסימילאַציע. דאָס גייסטיקע ייִדישע לעבן אין די קליינע ישובים איז ממש קאַטאַסטראָפאַל. דאָרט פעלן רבנים, גייסטיקע מנהי־גים, לערער, כלי קודש. די יוגנט ווערט פאַרוואָרלאָזט ווייל זי קען נישט קריגן קיין גוטע ייִדישע דערציאונג. היטלער ימ״ש האָט נישט בלויז אויסגעמאָרדעט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק. ער האָט אויך פאַרניכטעט אונדזער גייסטיקן רעזערוואַר. ער האָט אומגעבראַכט דריי פערטל פון אונדזער נשמהדיקן און גייסטיק־רייכן ייִדנטום. ער האָט צעשטערט די סאַמע שעפערישסטע קוואַלן פון וועלכע מיר אַלע האָבן געשעפּט אונדזער גייסטיקע יניקה. עס איז שוין דערגאַנגען אויף אַזוי ווייט אין די קליינע ישובים, אַז מען האָט שוין דאָרט אויפגעהערט צו קרעכצן און באַקלאָגן זיך. מען מיינט, אַז אַזוי דאַרף דאָס שוין זיין און אַזוי איז גוט. מען פילט שוין נישט דעם ווייטאָג פון דעם גייסטיקן חורבן.

נאָך דורך אַ רעליגיעזן חינוך קען די טרויעריקע זאַכלאַגע געענ־דערט ווערן. נאָר מיט דעם רוח התורה וועט מען קענען צוריק אויפ־לעבן די אַטראָפירטע און פאַראַליזירטע אברים פון דעם ייִדישן קערפּער.

מיר מוזן צוריק געווינען די ייִדישע היים וואָס איז שטענדיק געווען אַ פעסטונג פון געזונטער און טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט. די ייִדישע היים איז געווען אַמאָל פול מיט האַרציקער ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט צו די אייביקע ווערטן פון דער תורה. עס האָט דאָרט געהערשט שלום און האַרמאָניע. קינדער האָבן געהאַט דרך ארץ און רעספּעקט פאַר זייערע עלטערן. אַ וואָרט פון דעם טאַטן אָדער פון דער מאַמען איז געווען הייליק פאַר די קינדער. דער שלום

בית און די אידילישע האַרמאָניע אין דער יידישער היים פלעגן קומען צום אויסדרוק איבערהויפּט פּרייטיק צו־נאַכטס, ווען די משפחה איז געזעסן ביי דעם שבתדיקן טיש, מיט שטראַלנדיקע פריילעכע פּנימער. דער שלום עליכם מיט דעם „אשת חיל" האָבן געקלונגען אין דער לופטן און די שבתדיקע זמירות האָבן געשאַפן אין דער היים אַ שטי־מונג פון הייליקער פרייד און פון ענטוזיאַזם מיט דער הייליקייט פון שבת. מען האָט געפילט בחוש, אַז מלאכים שוועבן אין דער לופטן און זינגען מיט די שבתדיקע זמירות. קידוש און די שבת־דיקע מאכלים האָבן אַריינגעבראַכט יום טובדיקייט אין אַלע ווינקע־לעך פון דער היים.

אַזוי האָט אַמאָל אויסגעזען דאָס יידישע הויז, ווייל עס איז גע־פירט געוואָרן לויט די אידעאַלן פון אונדזער תורה און לויט די שענסטע פּרינציפּן פון יידישן גייסט, וואָס איז באַהערשט פון די העכ־לעכסטע יידישע טראַדיציעס פון אונדזערע אָבות. די יידישע היים איז אין דער ערשטער רייע געווען אַ גייסטיקע יידישע היים.

אָבער אין די נייע היימען איז ליידער די יידישע היים געוואָרן פּוסט און וואָכעדיק. עס איז פאַרשוווּנדן דער אידעאַל פון אונדזער שבת, פון אונדזער יום טוב און פון אונדזער הייליקייט. די פאַמיליע טרעפט זיך מער נישט אַרום דעם שבתדיקן טיש. די יידן ווילן נישט וויסן פון שבת און דער שבת וויל נישט וויסן פון די יידן. עס פעלט די השפעה פון קדושת השבת. אונדזערע קינדער זיינען געוואָרן שלעכט דערצויגן, ווולגאַר און זיי האָבן נישט קיין דרך ארץ און קיין שום רעספּעקט פאַר די עלטערן. ווען עס איז נישטאָ קיין גייסט פון קדושה, הערט אויף די האַרמאָניע צווישן עלטערן און קינדער.

דער איינציקער מיטל אויף צוריק צו ברענגען דעם גייסט פון קדושה אין די היימען, איז ווידער צו אויפלעבן די שיינע און אַלטע יידישע טראַדיציעס פון קדושת השבת, ברענגען צוריק אין אונדזערע היימען דעם גייסט פון דער תורה און אונדזערע שיינע טראַ־דיציעס. מיר דאַרפן געבן אונדזערע קינדער אַן אינהאַלט און אַנהאַלט אין לעבן, שיקנדיק זיי אין רעליגיעזע חינוך־מוסדות. אַזוי אַרום וועלן די קינדער אַריינברענגען אין הויז דעם נשמהדיקן יידישן גייסט און עס וועט מקויים ווערן דער פּסוק „והשיב לב אָבות על בנים ולב בנים על אבותם". נאָר אין אַזאַ פאַל וועט די יידישע היים קריגן אַ תיקון.

אויך די שול איז אַ מעכטיקער פאַקטאָר אין דער אויפהאַלטונג פון יידישן לעבן און פון יידישן גייסט. ווען דער ייד קומט אין שול, זאַפּט ער זיך אָן מיט דער לופט פון עכטער און טראַדיציאָנעלער יידישקייט און ווערט פאַרבונדן מיט דעם יידישן עבר און עתיד. ווען די יידן דאַווענען, ווען זיי הערן דעם קול התורה, ווערן זיי גייסטיק ווידער אויפגעלעבט און זיי זיינען מסוגל צו באַנייען זייער יידישן לעבן. די יידן דאַרפן זאָרגן פאַר דעם געזונט פון זייער נשמה פונקט ווי פאַרן געזונט פון זייער גוף. עס איז נישט גענוג בלויז צו קומען צו וועלטלעכע מיטינגען און קאָנפערענצן און אויסהערן באַריכטן וועגן דערגרייכונגען פון מדינת ישראל אויף פאַרשידענע געביטן, אָדער וועגן קאָמערציעלע, ציִ פינאַנציעלע פּראָבלעמען. יידן דאַרפן קומען אין שול הערן אַ דרשה פון אַ רב, ווייל אין די ווערטער פון דעם גייסטיקן מנהיג וועט דער ייד געפינען אַן אורח חיים פאַר זיך און פאַר זיינע קינדער. די שול איז דער ערשטער ציל פון אַ פולן יידישן לעבן. מען טרעפט זיך מיט אַנדערע יידן, מען באַפרייט זיך פון דער שווערער טאָג־טעגלעכער אַטמאָספער. מען איז נישט בלויז מתפלל, נאָר מען איז זיך מתייחד, מען אידענטיפיצירט זיך, מיט כלל ישראל. דאָס האָט דערקלערט אַ וויכטיקער רעליגיעזער פירער פון מדינת ישראל.

יידן ווערן ליידער אָפּגעפרעמדט פון זיך אַליין, ווייל זיי האָבן נישט דעם פּלאַץ ווו זיך צו אויסלעבן גייסטיק און ווו זיך צו קלאַמערן אָן די אייביקע ווערטן פון יידישקייט. די תורה ברענגט אַריין אַ קלאָר־קייט אין יידישן לעבן און ווייזט די יידן, אַז זיי מעגן זיין שטאָלץ מיט זייער גייסטיקער ירושה און זיי דאַרפן נישט פילן קיין מינדערווער־טיקייט־קאָמפּלעקס. אַ פּרק משניות, אַ בלאַט גמרא, דאָס באַרייכערט דעם יידישן וויסן און באַוווסטזיין. עס באַהעפט דעם יידן מיט דעם יידישן לעבן פון אַמאָל און עס העלפט אין דער אויפגאַבע צו ממשיך זיין די גאָלדענע קייט פון יידישן גייסטיקן קיום.

עס איז טאַקע זייער וויכטיק די יידישע שפּראַך אין דער דער־ציאונג פון אונדזערע קינדער, אָבער עס איז נאָך וויכטיקער דער גייסט פון יידישקייט. ביידע פאַקטאָרן זיינען איינס.

די סאָוויעטישע קאָמוניסטישע מושלים וויסן זייער גוט וואָס מען דאַרף טאָן, כדי צו אומברענגען דעם גייסטיקן המשך פון די רוסישע יידן: זיי דערלאָזן נישט, אַז מען זאָל אויפשטעלן יידישע שולעס און לערנען יידישקייט מיט יידישע קינדער. די מערהייט פון

כלל ישראל וואָס לעבט אין ראַטנפאַרבאַנד האָט נישט די מעגלעכקייט צו דערציען די יידישע קינדער אין יידישן גייסט. זאָל מען נישט פאַרגעסן, אַז דאָס יידישע לעבן אָן רעליגיע איז גאָרנישט ווערט, ווייל פריער אָפילו, ווען דער סטאַליניסטישער רעזשים פלעגט דערלויבן יידישע קולטור און יידישע צייטונגען, איז סיי ווי סיי דאָס יידישע לעבן געווען פוסט און טויט, ווייל די יעווסעקישע אַגענטן האָבן צע־שטערט די אמונה אין ג־ט. נאָר רעליגיעזער חינוך איז אַ גאַראַנטיע קעגן אַסימילאַציע און אין רוסלאַנד איז אַזאַ מין דערציאונג שוין לאַנג ניט מעגלעך געווען, אָפילו אין די „בעסטע" צייטן פון באָל־שעוויסטישן רעזשים.

ווען מיר פאָדערן און פאַרלאַנגען פון רוסלאַנד, אַז זי זאָל די יידן געבן די זעלבע רעכט ווי דאָס האָבן די אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדער־הייטן פון ראַטנפאַרבאַנד, דאַרפן מיר האָבן אין זינען דעם רעליגיעזן חינוך. לך עמי, בוא בחדריך — מיר דאַרפן גיין צוריק צו דעם טראַדיציאָנעלן יידישן חדר. די וואָס האָבן נישט דורכגעמאַכט אַזאַ רעליגיעזע דערציאונג, די וואָס האָבן נישט געקאָסן פון די עכטע קוואַלן פון רעליגיעזער און טראַדיציאָנעלער יידישקייט, קענען נישט באַגרייפן ווי וויכטיק דאָס איז פאַר אונדזער קיום און המשך. אונדזער חינוך מוז ווידער באַזירט ווערן אויף די יסודות פון דת. קיין אַנדער ברירה איז נישטאָ היינט צו טאָג.

אין אַן עפּאָכע פון אומבאַגרענעצטע פליצוגן צו די רוימען פאָדערן זיך אידייען פון קאָסמישן פאַרנעם. נאָר אונדזער ספר הספרים, וואָס איז ביז היינט צו טאָג כולל אַלץ וואָס פּאַסירט אין קאָסמאָס, קען אונדז אַרויסהעלפן אין דער לייזונג פון די שווערע פּראָבלעמען וואָס שטעלן זיך פאַר אונדז און ער קען אונדז קלאָר מאַכן דעם וועג אויף וועלכן מיר דאַרפן גיין.

די וויכטיקייט פון דער יידישער שפּראַך פאַר דעם לימוד פון תורה האָבן איינגעזען שוין פון לאַנג די אָרטאָדאָקסישע קרייזן פון אַמעריקע. אין די גרויסע ישיבות ווערט געלערנט גמרא און רמב"ם אין דער יידישער שפּראַך אין אַ גרויסער מאָס, ווייל ביי די ישיבה־בחורים איז די שפּראַך אַ טייל פון זייער יידישער נשמה.

אַלע יידישע שולן דאַרפן נאָכפאָלגן דעם גוטן מוסטער פון די רעליגיעזע חינוך־אינסטיטוציעס אין די פּאַרייניקטע שטאַטן, ווייל מען זעט דאָך בפירוש ווי אַזוי די דאָזיקע טאָג־שולן האָבן דערפאָלג און מען זעט זייערע דערגרייכונגען. יידיש אַליין, אָן גוטע יידישע

מעשים און אָן אַ יידישער גייסטיקער נשמה, איז אויך גאַרנישט ווערט. די שפּראַך איז אַ טייל פון דער נשמה און אויב די נשמה איז אַן אַסימילירטע קען די שפּראַך אַליין אויך גאָרנישט אויפטאָן און קען קיין קיום נישט האָבן.

דער סוד פון יידישן קיום ליגט אין דעם וואָס מיר, יידן, האָבן באַוויזן אין משך פון טויזנטער יאָרן גובר זיין די נסיונות פון נויט און פּיין. אין די קריטישסטע צייטן פלעגט דער ייד נישט פאַרלירן זיין בטחון און דעם גלויבן אין יידישקייט און אין נצח ישראל לא ישקר. מיר האָבן שטענדיק געהאַט רעספּעקט פאַר תורה און חכמה און דאָס האָט דערהויבן אונדזער נאַציאָנאַלן שטאָלץ. די חדרים און ישיבות זיינען פול געווען מיט דעם קול און רוח התורה. דאָס איז געווען דער אידעלער וועג פון יידן אין יידישן לעבן און דאָס איז געווען ווערט ביי זייער פיל יידן מער ווי רייכקייט און מאַטעריעלע גיטער. מען האָט געוווסט, אַז די תורה באַרייכערט די יידישע נשמה מיט מידות טובות און מעשים טובים. דאָס יידישע האַרץ און דער יידישער מוח האָבן מיטגעאַרבעט האַרמאָניש פאַר דעם כבוד פון יידישן גייסטיקן לעבן. אָבער לעצטנס זעען מיר לײַדער, אַז די יידישע עלטערן שאַצן שוין נישט אָפּ אין דער פולער מאָס די באַדייטונג פון לערנען תורה מיט זייערע קינדער. די עלטערן לאָזן זיך אַראָפּ צו דעם ניוואָ פון זייערע קינדער, וואָס ווערן דערצויגן אין נישט קיין רעליגיעזער אַטמאָספער. די יוגנט קוקט אויפן עלטערן דור ווי אויף אַן אַלטמאָדישן איבערבלייב פון פאַרשוווּנדענע דורות און די עלטערן אַליין טוען גאָרנישט אויף צו געווינען דער יוגנט פאַר זיך און פאַר די אמתע יידישע אידעאַלן. מיר טוען גאַרנישט אויף צו דערנענ־טערן אונדזער יוגנט צו אונדזערע גייסטיקע אוצרות.

מיט אַ געוויסער צייט צוריק האָט דער וויצע־פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, מר. היובערט האַמפריי, געזאָגט אויף אַ באַנקעט פון ישיבה־אוניווערזיטעט אין ניו־יאָרק, אַז די אַמעריקאַנער יידן זיינען אין געפאַר צו ווערן אַסימילירט און דאָס וועט גאַרנישט טאָן קיין טובה דער רייכער אַמעריקאַנער קולטור. אין דעם שמעלץ־טאָפּ פון דער אַמעריקאַנער פרייהייט פאַרלירן די יידן זייער אַמאָליקן שוווּנג און די גרויסע מעלות וואָס יידן פלעגן אַרויסווייזן אין די צייטן און אין די ערטער ווו מען האָט זיי גערודפט. מיר וואָלטן גע־וואָלט זען — האָט דער באַרימטער אַמעריקאַנער פּאָליטיקער צוגעגעבן — אַז די אַמעריקאַנער יידן זאָלן ווייטער טראָגן מיט שטאָלץ די פאָן

פון תורה און פון די נביאים, פון אַלע גרויסע גייסטיקע ריזן וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט אַרויסגעגעבן אין משך פון דורות . . .

אָט די ווערטער זיינען אָן שום ספק אַ גרויסער פּאַטש אין פּנים אָט די אַלע יידן וואָס זוכן צו אַנטלויפן פון דער תורה און נעמען זיך איבער כלומרשט מיט זייער „מאָדערניזם" און „וועלטלעכקייט". דער וויצע־פּרעזידענט פון אַמעריקע איז אַ גרויסער ליבעראַל און קולטור־מענטש און ער ווייסט און פאַרשטייט וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנטום קען פאַרלירן דורך אַנטלויפן פון די אַלטע גייסטיקע ווערטן פון אונדזער פאָלק. ער ווייסט, אַז די אַסימילאַציע וועט נישט מאַכן פון די יידן קיין בעסערע אַמעריקאַנער. פאַרקערט, נאָר האָבנדיק דרך ארץ פאַר אונדזער גייסטיקער פאַרגאַנגענהייט און שעצנדיק די ווערטן פון דער תורה, קענען די אַמעריקאַנער יידן אַריינברענגען אַ נייעם טאָן אין דער גרויסער אַמעריקאַנער קולטור. אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן אַלע מינדערהייטן די פולע פרייהייט צו אָפּהיטן זייערע קול־טורעלע און גייסטיקע אַנדערשקייטן. יידן דאַרפן וויסן ווי דאָס צו אויסנוצן און נישט לויפן זוכן פאַלשע געטער פון „אינטעגראַציע", וואָס איז אין דער אמתן די סאַמע וווּלגאַרע אַסימילאַציע.

טראָץ דער פרייהייט וואָס הערשט אין אַמעריקע טוען די יידן זייער ווייניק אויף צו אויפהאַלטן זייער תורה און רעליגיעזע חינוך־אינסטי־טוציעס. עס איז נישט גענוג בלויז זיך צו באַנוגענען מיט קריטיקירן אַנדערע און זוכן פעלערן ביי יענעם. מיר דאַרפן זען צו זאָרגן פאַר אונדזערע אייגענע חינוך־אינסטיטוציעס און פאַרשטאַרקן זיי מיט אַלע מיטלען. אין מדינת ישראל האָט דער חינוך עצמאי פון „אגודת ישראל" אויפגעטאָן זייער פיל אין עטלעכע יאָר צייט, פיל מער ווי אַנדערע רעליגיעזע דערציאונגס־סיסטעמען, ווייל די עסקנים פון דעם חינוך באַנוגענען זיך נישט בלויז מיט רעדן, נאָר זיי טוען גוטע מעשים פאַר דער אויפהאַלטונג פון חדרים און ישיבות אין יידישן לאַנד.

די תורה־יידישקייט ווענדעט אונדזערע געדאַנקען און אידייען צו דעם פּנים פון אונדזער גלאָרייכן נעכטן. אין אַלגעמיין קוקט די וועלט אויפן נעכטן, אויף דער פאַרגאַנגענהייט, מיט ביטול און גרינגשעצונג, ווייל דער נעכטן ברענגט נישט קיין שטאָלץ און נישט קיין נחת פאַר די קריסטלעכע פעלקער. גאַנץ פשוט: זייער רעליגיע, אַזוי ווי די אַנדערע רעליגיעס פון דער וועלט, זיינען געוואָקסן אויפן באָדן פון שנאה צו אַנדערע מענטשן און פון פאַרגאָסן מענטשלעך בלוט. זייער אַנטוויקלונג איז געקומען מיט דער הילף פון פייער און שווערד. אָבער

אונדזער פאָלק קען און מעג קוקן מיט פרייד און שטאָלץ אויך אויף זיין נעכטן. אונדזער יידישע וועלט קען באַלויכטן ווערן מיט דער ליכטי־קייט פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט. דורך די פינצטערע כמארעס וואָס באַדעקן די וועלט רייסט זיך דורך אונדזער „זרח בחושך אור לישרים" — אַ ליכטיקער וועג וואָס ווייזט דער גאַנצער וועלט אַ גוטן ביישפּיל פון יושר און צדק.

מיר דאַרפן דעריבער אונדזער יידישע דערציאונג אַוועקשטעלן אויף אַ געזונטער און טראַדיציאָנעלער באַזע און אונדזער יוגנט דער־ציען צו תורה און מעשים טובים. נאָר אַזוי וועט גאַראַנטירט ווערן אונדזער קיום און המשך. אין דער דערציאונג ליגט די צוקונפט פון די יידישע דורות און די געזונטע נשמה פון יידישן פאָלק.

# ווי אַזוי קען די נשמה באַהערשן דעם גוף

דאָס יידישע פאָלק און זיין עקזיסטענץ אויף דער וועלט איז פּאַקטיש דער בעסטער באַוייז פאַר השארת הנפש און אויך פאַר דעם, אַז דער גייסט איז פיל שטאַרקער פון דעם חומר, פון דעם קערפּער. די נשמה לעבט אייביק. אונדזער גאַנצע עקזיסטענץ אויף דער וועלט איז דאָך אַ נשמהדיקע אין אַ וועלט וואָס יאָגט זיך נאָך מאַטעריעלע גיטער און קערפּערלעכע פאַרגעניגנס.

אין פ״ שמות שטייט וועגן משה רבינו, אַז וירכבם על החמור. זאָגן די חז״ל, אַז דער זעלבער חמור וואָס איז באַשאַפן געוואָרן בין השמ־שות און וואָס אברהם אָבינו האָט גענוצט ווען עס שטייט געשריבן ויחבוש את חמורו, איז דער זעלבער חמור וואָס משה רבינו האָט גע־ריטן אויף אים און אויף דעם זעלבן חמור וועט קומען משיח. (פדר״א פ״ ל״ו).

דער מענטש איז באַשאַפן פון גוף און נשמה און די צוויי עלעמענטן זיינען שטענדיק אין אַ קאַמף איינער מיטן אַנדערן. די נשמה ציט צו העכערע און גייסטיקע האָריזאָנטן, צו מאָראַלישקייט און הויכע ווערטן. דער קערפּער ציט צו מאַטעריעלע און פיזישע דערגרייכונגען. דערפאַר איז די אויפגאַבע פון דעם מענטש צו קאָנטראָלירן דעם קערפּער און נישט נאָכגעבן אַלע זיינע קאַפּריזן און פאַרלאַנגען. דער מענטש קען באַזיגן די קערפּערלעכע שוואַכקייטן מיט גייסטיקייט און נשמהדיקייט. אָדם הראשון איז געווען אין אַ גייסטיקער וועלט, ווען ער איז געווען אין גן־ עדן, האָט ער פאַרביטן די יוצרות. ער האָט געלאָזט זיין קערפּער באַהערשן די נשמה און דערפאַר איז ער פאַרטריבן געוואָרן פון דאָרט. ג־ט פרעגט אים „איכה״, וווּ ביסטו אָדם? ווייל אָדם האָט עסנדיק פון עץ הדעת פאַרלוירן זיין „דעת״ און זיין „דת״, ווייל ביי אים האָט דער קערפּער באַזיגט די נשמה.

ג־ט האָט באַשאַפן אין בין השמשות, צווישן ליכטיקייט און פינצ־טערניש, צווישן גייסט און פיזישער קראַפט, דעם חמור, וואָס איז פאַקטיש אויך דער חומר אין מענטשן, כדי דער מענטש זאָל רייטן אויף אים, דאָס הייסט אים באַהערשן.

די דריי זיילן פון דער יידישער וועלט האָבן דאָס באַוויזן מיט מע־שים: אברהם אָבינו, משה רבינו און מלך המשיח. אברהם אָבינו איז געוועזן דער ערשטער צו רופן דער וועלט צו גייסטיקייט און צו געט־לעכקייט. מי האור ממזרח? זה אברהם. ער האָט געשטראַלט און באַ־שיינט מיט זיין ליכט אין אַלע פינצטערע ווינקעלעך. ער האָט גע־ריטן אויפן חמור פון חומר. ער איז געוועזן גרייט צו פירן זיין איינגענעם זון צו דער עקידה ווען ג־ט האָט דאָס אים געבעטן. ער האָט פול־שטענדיק באַהערשט דעם חמור אין זיין לעבן. משה רבינו האָט דאָס באַוויזן מיט זיין קבלת התורה. בראתי יצר הרע, בראתי תורה תבלין. דער גרויסער כוח אין קאַמף קעגן חמור איז די תורה, וואָס איז דאָס בעסטע געווער אין קאַמף קעגן אַלע נידעריקע און מאַטעריאַליסטישע גלוסטונגען פון מענטשן. משה רבינו האָט באַוויזן מיט זיין קאַמף קעגן חמור און קעגן די פאַרלאַנגען פון קערפּער אַרויסצונעמען די יידן פון מצרים און באַפרייען זיי פון שקלאַפעריי, אַרויסנעמען זיי פון די מ"ט שערי הטומאה, און געבראַכט זיי צו אַזאַ הויכער גייסטיקער מדרגה, אַז זיי האָבן געקענט געניסן פון ליכט פון דער שכינה און מקבל זיין די תורה אויפן באַרג סיני. די יידן זיינען אַ דאַנק משהן דערגאַנגען צו דער העכסטער מאָס פון קדושה ביים מעמד הר סיני. עס שטייט געשריבן, אַז במעמד הר סיני פסקה זעמת הנחש. דער שטן, דער בייזער שלאַנג, וואָס זוכט צו פאַרגיפטן אַלע גייסטיקע אי־דעאַלן, האָט אויפגעהערט צו טאָן זיין פינצטערע אַרבעט ביי קבלת התורה, ווייל אין דעם מאָמענט האָט דער גייסט באַהערשט דעם קערפּער.

דאָס איז אויך דער זין פון תיקון העולם במלכות שדי — דאָס אַריינברענגען אַן אויפלעבונג אין דער גאַנצער וועלט צו געטלעכקייט צו דער הערשאַפט פון דער נשמה איבער דער רויער מאַטעריע. דאָס וועט געשען ווען עס וועט קומען משיח אַלס עני ורוכב על החומר.

עולמך תראה בחייך — ווען דער מענטש דערגרייכט דאָס ליכט פון גייסטיקייט ביי זיין לעבן, זעט ער דעם השארת הנפש, ווייל ער זעט דאַן, אַז דאָס קערפּערלעכע לעבן איז נישט אַלץ. ווי ישעיה הנביא זאָגט: „הקיצו ורננו שוכני עפר, כי טל אורות טלך וארץ רפאים

תפיל״. (ישעיה כ״ו). דער השארת הנפש, די אויפוואַכונג נאָכן טויט קען נאָר געשען דאַן ווען דער טל פון ליכט באַהערשט דעם מענטשן ביי זיין לעבן. דער טל פון דער נשמה קען באַזיגן דעם קערפּער און ברענגען צו דעם, אַז די נשמה זאָל פאַרבלייבן אויף אייביק. מיר, יידן, האָבן דעריבער אַ גרויסע און הייליקע אויפגאַבע אין לעבן: ברענגען דערצו, אַז די פינצטערניש פון דער וועלט זאָל באַלויכטן ווערן, ווייל מיר זיינען דאָס שטראַלנדע ליכט וואָס דאַרף באַשיינען אַלע פינצטערע און קערפּערלעכע זאַכן, וואָס פירן אַראָפּ דעם מענטשן פון דעם גלייכן וועג.

אַ געוויסער מענטש האָט געהאַט אַ מנהג צו באַלויכטן דעם וועג פאַר מענטשן וואָס פלעגן טראָגן פּעק אויף זייערע פּלייצעס, כדי זיי זאָלן נישט פאַרבלאָנדזשען אין דער פינצטערניש. נאַטירלעך פלעגן אים די מענטשן דאַנקען פאַר דעם חסד. איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז דער מענטש האָט באַלויכטן דעם וועג איינעם אַ מאַן וואָס האָט גע־טראָגן אַ גרויסן פּאַק אויף זיינע פּלייצעס. דאָ האָט אָבער פּאַסירט גאָר אַן אַנדער זאַך. דער וואָס האָט געטראָגן דעם פּאַק איז געוואָרן שטאַרק אין כעס און ער האָט נאָך צעשלאָגן דעם בעל טובה. פרעגט אים דער גוטער מענטש פאַרוואָס עס קומט אים צו שלאָגן פאַר טאָן אַזאַ גוטע זאַך. האָט דער וואָס האָט געטראָגן דעם פּאַק געענטפערט: אַלע טראָגן פּעקלעך מיט ערלעכע זאַכן, איך האָב איצט געטראָגן אַ פּאַק מיט געגנבעטע סחורה און דו קומסט גאָר דאָס באַלייכטן, כדי אַלע זאָלן זען וואָס איך טראָג. איך דאַרף נישט קיין ליכטיקייט. מיר איז גוט און באַקוועם נאָר אין דער פינצטערניש. אָט דערפאַר האָב איך דיר צעשלאָגן . . .

דאָס זעלבע פּאַסירט זייער אָפט מיט מענטשן אויף דער ערד. מיר באַמיען זיך אָפטמאָל צו באַלויכטן טרעגער פון פּעקלעך, וואָס ווילן און דאַרפן נישט קיין ליכטיקייט. והיה מעשיהם במחשוך — זיי דאַרפן נישט דאָס ליכט פון די עשרת הדיברות. זיי האָבן ליב דעם „תגנב״, דעם „תרצח״. אָט דערפאַר ווערן מיר, יידן, אַזוי אָפט געשלאָגן און פּאַגראָמירט. די וועלט האָט אונדז פיינט, ווייל מיר טראָגן אַריין צו פיל ליכט און אויפקלערונג. מען באַגייט זיך קעגן אונדז מיט די שרעק־לעכסטע גרויזאַמקייטן דערפאַר.

ויהי בנסעם מקדם וימצאו בקעה — אויף דעם זאָגט די תורה, אַז ווען דער מענטש גייט אַוועק פון קדמונו של עולם, פון ג־ט, און פאַלט אַריין אין אַ טאָל פון גריבער, ווו ער ווערט צעבראָכן אינגאַנצן

פיזיש און גייסטיק, איז — ויחי אנוש ויולד בנים ובנות וימות. אויב מען האָט קינדער און מען גיט זיי נישט קיין גוטע און געזונטע דערציאונג, בלייבט נישט קיין שום המשך נאָך דעם פאָטער, ווען ער שטאַרבט אָפּ. דער המשך אין לעבן, דער אמתער גייסטיקער השארת הנפש, קען נאָר קומען דאַן, ווען די עלטערן זאָרגן ווי געהעריק פאַר דער געזונטער און יידישער דערציאונג פון זייערע קינדער.

# די פילאָזאָפיע פון דער יידישער יוריספּרודענץ

די משפטים, דינים און געזעצן בין אָדם לחברו, אַזוי ווי זיינען פאָרמולירט אין דער תורה, האָבן אַלס ציל צו אויסגלייכן קריגערייען, באַשטראָפן פאַרברעכערס, אויסמיידן פאַרברעכנס קעגן יחיד אָדער קעגן דער געזעלשאַפט און בכלל צו איינפירן אָרדענונג און לייטישע באַציאונגען צווישן מענטשן און קאָלעקטיוון.

די מצוות זיינען רעליגיעזע און מאָראַלישע געבאָטן וואָס האָבן צו טאָן מיט דער באַציאונג וואָס דאַרף הערשן בין אָדם למקום, פון מענטש צו ג־ט, צו זיין נשמה. די משפטים זיינען נאָר אויף צו רעגולירן די באַציאונגען בין אָדם לחברו, פון מענטש צו מענטש און פון פאָלק צו פאָלק. די געזעצן וואָס אַנדערע פעלקער האָבן געשאַפן זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן לויט זייערע אייגענע אָנשויאונגען און באַגריפן. אַ פאַרברעכער קעגן געזעץ האָט ביי געוויסע פעלקער געקענט זיין זייער אַ פיינער און אָנגעזעענער מענטש. אָט זעען מיר דאָך אַז אין סדום ועמורה זיינען בכלל קיינע שום געזעצן נישט געווען. ווען איינער האָט דאָרט געגנבעט אַ שטיקל ברויט צו געבן אַן אָרעמאַן, איז ער לויט די סדום־משפטים געווען גאָר אַ גרויסער פאַרברעכער.

אַברהם אָבינו איז געווען דער ערשטער אין יענער אוראַלטער צייט וואָס האָט פאַרבונדן דעם באַגריף פון משפט מיט צדק און אמת, לויט די געטלעכע געבאָטן פון יושר און גערעכטיקייט. ער האָט געזאָגט: השופט כל הארץ לא יעשה משפט? די יידישע משפטים, די דינים בין אָדם לחברו, שטאַמען טאַקע פון דעמזעלבן קוואַל ווי די

מצוות בין אָדם למקום, וויילביידע זיינען אויסשטראַלונגען פון רבונו של עולם.

די יידישע יוריספרודענץ איז באַזירט אויף „על האמת, על הדין ועל השלום". די יוריספּרודענץ פון אַנדערע פעלקער און זייער סיס־טעם פון יורידישע געזעצן איז באַזירט אויף דעם אַלטן רוימישן קאָדעקס. ביי די אַנגלאָזאַקסישע פעלקער זיינען די געזעצן געשאַפן געוואָרן לויט דער באַזע פון „קאָמאָנאַ יוסטיציאַ", דעם ענגלישן פאָלקס־געזעץ. דאָס וואָלט דאָך געדאַרפט מיינען דורך און דורך גערעכטיקייט, אָבער ליידער זעען מיר, אַז לויט די דאָזיקע געזעצן קומט זייער אָפט אויס, אַז דער גערעכטער ווערט דערקלערט אַלס אומגערעכט און דער אומגערעכטער אַלס גערעכטער. אַזוי פאַרדרייט און עלאַסטיש זיינען די דאָזיקע פּרינציפּן פון דער „יוסטיציאַ".

אין דער סדרה משפטים קען מען לערנען די עכטע און אמתע עטישע פּילאָזאָפיע וואָס איז דורכגעדרונגען מיט יושר און צדק און וואָס באַזירן אונדזערע דינים אויף אמתדיקן יורידישן רחמנות און דראַנג נאָך גערעכטיקייט. די מענטשלעכע פּערזאָן און איר אָפּהי־טונג ווערט געשטעלט אין סאַמע צענטער. די הייליקייט פון דער אינדיווידועלער פרייהייט ווערט אונטערגעשטראָכן, פּונקט ווי די פליכטן פון יחיד צום כלל און פאַרקערט. עס ווערט געזאָרגט וועגן דעם ווי אַזוי צו באַשיצן דעם עלנטן און דעם אָרעמאַן, דעם יתום און די אַלמנה, ווי צו פאַרטיידיקן די שוצלאָזע און שוואַכע מענטשן קעגן ווילקיר פון די מעכטיקע און רייכע, פון די איינפלוסרייכע. די אַלע דינים און משפטים וואָלטן דערפירט צום אמתן שלום און צו גליק פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, ווען מען וואָלט זיי אויסגעפירט ווי געהעריק.

די פסיקתא זאָגט: פאַרוואָס האָט מען אָנגעהייבן אין פ" משפטים מיט די דינים פון אן עבד עברי? דאָס האָט פאַסירט דערפאַר ווייל די יידן זיינען געווען קנעכט אין מצרים און ג־ט האָט זיי געגעבן די פרייהייט. דעריבער האָט השי"ת אָנגעזאָגט די יידן נישט צו פאַר־קנעכטן איינער דעם אַנדערן. טאָמער האָט איינער געקויפט אַ קנעכט, איז דאָס נאָר צייטווייליק, נישט אויף אייביק. זעקס יאָר האָט אַזאַ קנעכט געדאַרפט דינען זיין האר און אויפן זיבעטן יאָר האָט ער געדאַרפט אַרויסגיין פריי. דער גייסט פון אונדזער תורה איז קאַטע־גאָריש קעגן שקלאַפעריי. נאָך מער — נישט נאָר טאָר מען נישט

פאַרשקלאַפן יענעם, נאָר זיך אַליין אויך נישט. עס איז אַ פאַקט, אַז דער סיסטעם פון שקלאַפעריי איז געווען איינגעוואָרצלט אין דער אַלטער וועלט און דאָס איז געווען אַ טייל פון דער לעבנס־פילאָזאָ־פיע פון די פּאַגאַנישע פעלקער. אַפילו דער באַרימטער גריכישער פילאָזאָף פלאַטאָן אין זיין באַרימט ווערק פון אוטאָפּיסטישן כאַראַק־טער „די רעפּובליק" האָט געלאָזט פלאַץ פאַר שקלאַפעריי אין דער פער־פעקטער געזעלשאַפט וואָס ער האָט אויסגעטרוימט אין זיין דמיון. זיין באַרימטער תלמיד אַריסטאָטעל האָט אויך באַטראַכט שקלאַפעריי ווי אַ נאַטירלעכער דערשיינונג אין מענטשלעכן לעבן און פאַר אַ יושרדיקער אינסטיטוציע. אַזוי איז דאַן געווען דער אָנגענומענער כלל.

ערשט אונדזער תורה איז געקומען כדי צו פּראָקלאַמירן פרייהייט פאַרן יחיד און די הייליקייט פון דער מענטשלעכער פּערזאָן און אַזוי ווי עס איז נישט געווען מעגלעך צו אָפּשאַפן אינגאַנצן די אינסטיטו־ציע פון שקלאַפעריי, האָט די תורה באַמיט זיך צו רעגלאַמענטירן (זאָגנדיק אויפן מאָדערנעם לשון) אַזוי די געזעצן וועגן שקלאַפן און שקלאַפעריי, אַז אָפטמאָל איז אויסגעקומען, אַז דער יידישער שקלאַף האָט געהאַט די זעלבע רעכט ווי דער באַלעבאָס זיינער און אָפטמאָל — אויך נאָך מער...

אין קידושין (ד" כ"ב) זאָגט די גמרא אויף דעם פּסוק „כי טוב לו עמך", אַז דאָס מיינט עמך אין עסן. דאָס איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז דער האר זאָל נישט עסן ברויט פון זעמל־מעל און דער קנעכט טרוקענע ברויט. דאָס מיינט אויך, אַז דער האַר זאָל נישט טרינקען גוטן וויין און זיין קנעכט געבן ביליקן וויין, אָדער פּשוטע וואַסער, אַז דער האַר זאָל נישט שלאָפן אויף אַ גוטן קישן און דער קנעכט אויף שטרוי אָדער אויף דער ערד. די גמרא זאָגט: „כל הקונה עבד עברי כקונה אדון לעצמו". אין ירושלמי ווערט נאָך שטאַרקער אונ־טערגעשטראָכן, אַז אויב דער באַלעבאָס האָט נאָר איין קישן, דאַרף דער קנעכט שלאָפן אויף דעם קישן און דער באַלעבאָס אויף שטרוי. אונדזער תורה האָט פאַרשטאַנען, אַז דעם קנעכט דאַרף מען געבן אַ גוט לעבן און מער באַקוועמלעכקייטן, כדי ער זאָל האָבן כוח צו דער שווערער אַרבעט. דער באַלעבאָס אַרבעט דאָך נישט שווער און ער האָט מער מנוחה ווי דער קנעכט, מאַכט נישט אויס, אַז ער וועט

נישט שלאָפן אַזוי באַקוועם... דאָס איז דער זין פון פסוק „כי טוב לו עמך".

ר' יוחנן בן זכאי האָט דערקלערט, אַז דער אויער ווערט געבויערט ביי אַ קנעכט, וואָס וויל נישט אַרויסגיין אויף דער פריי, ווייל דער אויער האָט דאָך געהערט די געטלעכע שטימע אויף דעם באַרג סיני „כי לי בני ישראל עבדים", אַז קנעכטשאַפט פון אַ מענטש דאַרף זיין נאָר צו ג-ט. דאַן איז ער באמת פריי. „אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתורה". און אויב אַ מענטש וויל פאַרקויפן זיין פרייהייט אויף שטענדיק צו אַנדערע, דאַרף זיין אויער געבויערט ווערן. (קי־דושין ד" כ"ב).

לויטן אַלטן יידישן געזעץ האָט מען אַפילו באַטראַכט ספּעציעל און רחמנות געהאַט אויף אַ גנב וואָס האָט געגנבעט אַ שעפּסל און וואָס ער האָט דאָס געדאַרפט טראָגן אויף זיינע אייגענע אַקסלען. אין אַזאַ פאַל האָט דער גנב געדאַרפט באַצאָלן פיר מאָל אַזוי פיל דעם ווערט פון דער גנבה. עס ווערט געבראַכט, אַז דער וואָס פאַטשט דעם פנים פון זיין חבר, איז פונקט ווי ער וואָלט געפּאַטשט אין פנים פון דער שכינה. (סנהדרין נ"ח). דאָס איז דערפאַר ווייל דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלקים און איז דער טרעגער פון געטלעכן גייסט.

ואלה המשפטים — איר זאָלט נישט פאַרדרייען דעם דין פון אַן אָרעמאַן. איר זאָלט ניט נאַרן און באַשווינדלען קיינעם. דערווייטערט זיך פון שקר. דאָס איז דער היפוך פון כנענס צוואה וואָס האָט געזאָגט „האָט ליב דעם שקר". דעם אומשולדיקן זאָלט איר נישט טויטן. אדם מצווה על שביתת בהמתו כמוהו. אפילו אויף אַ בהמה דאַרף מען רח־מנות האָבן. דער אויסדרוק צער בעלי חיים ביי יידן איז נישט בלויז קיין פוסטע און שיינע פראַזע, ווי ביי אַנדערע פעלקער, נאָר ער איז באַגרינדעט מיט מעשים וואָס זיינען אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן פון דער תורה. מיר דאַרפן רחמנות האָבן אויף דער בהמה און נישט פאַרשאַפן איר אומזיסטן צער און ווייטאָג. די כלומרשטע צער בעלי חיימניקעס פון דער וועלט, וואָס נעמען זיך אָן די עוולה פון דער בהמה און וואָס האָבן אויף זייער געוויסן דאָס בלוט פון אומשול־דיקע מענטשן, אַרבעטן מעשים, אַז מען זאָל פאַרבאָטן די יידישע שחיטה, ווייל זי איז כלומרשט נישט הומאַניטאַר פאַר זיי. די דאָזיקע צער בעלי חיימניקעס האָבן געשוויגן ווען בלוט פון מיליאָנען יידן

האָט זיך געגאָסן אין אייראָפּע ווי וואַסער. ווי דער נביא זאָגט „זובחי אָדם עגלים ישיקון". די וואָס שעכטן מענטשן זיינען פּעאיק צו קושן די קעלבער. מענטשלעך בלוט איז ביי זיי גאָרנישט ווערט און זיי אַרט נאָר דער צער פון דער בהמה. דאָס זיינען די וואָס פאָדערן, אַז די יידישע שחיטה זאָל פאַרבאָטן ווערן.

מיר גלויבן אין דעם מענטש וואָס איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלקים. מיר דאַרפן האָבן מיטלייד און רחמנות אויף יעדן מענטשן און אויסמיידן יעדן שריט וואָס קען אים ברענגען שאָדן און ווייטאָג. מיר דאַרפן אַנווענדן דעם געטלעכן חסד ורחמים אויפן מענטש אין דער ערשטער רייע.

# די יצירה פון מענטש אַ דאַנק דעם תורה־גייסט

זה ספר תולדות אָדם — תניאָ רבי עקיבאָ אומר: ואהבת לרעך כמוך, כלל גדול בתורה. בן עזאי אומר: זה ספר תולדות אָדם, כלל גדול מזה. (ירושלמי, נדרים פ"ט).

מעשה בראשית איז די וואונדער־געשיכטע פון דעם וועלט־באַשאַף, וואָס ווערט דערציילט אין אונדזער הייליקער תורה מיט אַזאַ חכמה און מיסטיציזם.

אין צענטער פון דער יצירה איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער מענטש — דער בחיר היצורים. אַרום אים דרייט זיך די גאַנצע בריאה. ער איז פּאַקטיש די קרוין פון דעם וועלט־באַשאַף און דער אייגנטלעכער תכלית פון דער יצירה. טראָגן זיינע עליות און ירידות אויף זיין וועג צו השתלמות, וועט ער דאָך דערגרייכן דעם כי טוב פון אחרית הימים.

דער מדרש זאָגט: גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטש מיט ברכה. הרי אני קורא אותו בלשון ברכה והלוואי יעמוד. דער מענטש איז דורך דעם בורא עולם באַשאַפן געוואָרן מיט אַ ברכה, אָבער עס ווענדעט זיך אין מענטש אַליין דאָס קענען אויפהאַלטן די געטלעכע ברכה מיט וועלכער ער איז באַשאָנקען געוואָרן. אָן אים איז דאָס אָפּהענגיק צי די ברכה זאָל אָנהאַלטן און ברענגען צו אַ שענערער און בעסערער וועלט פאַרן מענטשן.

דער מענטש קען מיט זיין בחירה און פרייעם ווילן מאַכן די וועלט פול מיט גוטס, שפע און ליכטיקייט, אָדער חס וחלליה — מאַכן פון דער וועלט אַ גיהנום. דאָס אַלץ ליגט אין די הענט פון מענטשן.

דער מענטש איז אַ קנויל פון פאַרפּלאָנטערטע און קאָמפּליצירטע ווידערשפּרוכן און ווילדע פּאַראַדאָקסן. דער מענטש איז צעטיילט אין זיין נשמה און ער טרעט אָפּטמאָל אַרויס אומבאַוווסטזיניק אַפילו קעגן זיך אַליין. ער איז שוואַכער פון אַ מילב און פון אַ פליג. אַ מיקראָב קען מאַכן אַ סוף צו זיין עקזיסטענץ. אָבער אָפּטמאָל איז ער שטאַרקער פון אייזן און שטאָל. ער קען איבערטראָגן אַפילו די שווערסטע ליידן און ווייטאָגן.

דאָס איז די מיינונג פון די חז"ל: זכה, אומרים לו אתה קדמת למלאכי השרת. לא זכה, אומרים לו יתוש קדמך.

אַ מענטש קען אַמאָל איינשטעלן זיין אייגן לעבן כדי צו ראַטעווען אַ הינטל פון געפאַר. אָבער דער זעלבער מענטש איז עלול צו אויסמאָרדן גאַנצע פעלקער און צו אומברענגען מיליאָנען אַנדערע מענטשן צוליב זיין אַמביציע און מאַכט־גיריקייט. די פערזענלעכקייט פון מענטש באַשטייט פון צוויי עקסטרעמען: איינער ציט צו די הימלען, צו דעם באַשעפער פון דער וועלט, אָבער דער אַנדערער ציט צו דער ערד און צום אָפּגרונט, צו די ערדישע פאַרגעניגנס און תאוות. אוי לי מיוצרי ואוי לי מיצרי. ויצר ה' אלקים את האדם, ברא אותו בשני יצרים: יצר הטוב ויצר הרע. ביידע קעמפן אין דעם מענטשן און באַזעצן זיך אין זיין האַרצן. דער גאַנג פון מענטשן צו גוטס און ליכטיקייט איז דעריבער אַזוי לאַנגזאַם, ווייל דער יצר הרע קעמפט כסדר מיט דעם יצר הטוב און דער מענטש האָט שרעקלעכע ירידות, איידער עס גע־לינגט אים צו האָבן אַן עליה צו העכערע גייסטיקע צילן.

בשעה שביקש הקב"ה לבראות את האדם קרא כת של מלאכי השרת ואמר להם: רצונכם נעשה אדם בצלמנו? און זיי האָבן געענט־פערט מה אנוש כי תזכירנו ובן אדם כי תפקדינו. און ג־ט האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף דער מיינונג פון זיינע מלאכי השרת און מיט זיין פינגער זיי פאַרברענט פאַר אַזאַ מיינונג וועגן בחיר היצירה.

די מלאכי השרת האָבן אין זייער דמיון שוין געזען די טראַגישע און הילפלאָזע שוואַכקייט פון דעם מין מענטש אויף דער ערד. זיי האָבן דערפילט, אַז דער מענטש וועט מיט זיינע רויע און ווילדע אינ־סטינקטן ברענגען צעשטערונג און פאַרוויסטונג אויף דער וועלט. אָבער ג־ט האָט זיי געוויזן מיט זיין אצבע אלקים אַז דער מענטש קען אויך זיין ג־טס אינסטרומענט אויף דער ערד און אַז אַדאַנק דער עק־זיסטענץ פון מענטש ווערט באַוויזן, אַז די גאַנצע וועלט איז אַ געט־

לעכע שאפונג. די מלאכי השרת האבן דעריבער נישט געקענט פאר־מיידן, אז דער מענטש זאל באשאפן ווערן דורך דעם רבש"ע. אבער שפעטער שטייט געשריבן: כיון שהגיע לאנשי דור המבול ואנשי דור הפלגה שמעשיהם מקולקלים האבן די מלאכים ווידער געטענהט: לא יפה אמרו ראשונים לפניך. אבער דער ענטפער פון דעם בורא עולם איז געווען: ועד זקנה אני הוא ועד שיבה אני אסבול. אני עשיתי ואני אעשה ואני אסבול ואמלט. (סנהדרין ד" ל"ח).

ג־ט האט דערמיט געוויזן, אז ער האט אן אויסערגעוויינלעכן געדולד צו די מענטשן און איבערהויפט טאקע צום יידישן פאלק, ווייל סוף כל סוף וועט דער מענטש ארויפגיין אויף א גוטן וועג פון צדק און אמת און ראטעווען די וועלט און איר יצירה פון אומקום. דאס וועט געשען אדאנק דעם אוניווערסאלן ליכט וואס שטראלט ארויס פון דעם מענטשן ווען ער טוט גוטס און גערעכטיקייט צו זיינע מיטמענטשן אויף דער ערד.

זה ספר תולדות אדם. ווי אזוי קען דער מענטש באפרייען זיך פון זיינע ערדישע און נידעריקע אינסטינקטן און דערהויבן זיך צו די הויכקייטן פון גייסט און שיינקייט וואס זיינען די אמתע צילן פון דער געטלעכער יצירה? אויף דעם האבן מיר אן ענטפער: בראתי יצר הרע בראתי תורה תבלין. די רעליגיעזע יידישע פילאזאפיע זאגט, אז ג־ט האט דעם מענטשן באזארגט מיט א מעכטיקן וואפן וואס העלפט אים באזיגן דעם יצר הרע. דאס איז אונדזער הייליקע תורה. די עקזיס־טענץ פון דער וועלט קען פארזיכערט ווערן דורך דעם קול התורה וואס דארף געהערט ווערן איבער דער גארער וועלט אדאנק דעם יידישן פאלק. דעריבער טראגט דער יידישער מענטש א געוואלטיקע אחריות פאר דער עקזיסטענץ פון דער וועלט. מיר דארפן העלפן פארשפרייטן די אידעאלן פון דער תורה און דעם גייסט פון די נביאים צווישן אלע אנדערע פעלקער פון דער וועלט. מיר דארפן אריינברענגען ליכט און וויסן אין אלע פינצטערע ווינקעלעך פון דער זינדיקער ערד.

מיר דארפן נישט פארצווייפלט ווערן, ווען מיר זעען ווי כוואליעס פון בארבאריע, פינצטערניש און האס פארפלייצן דערווייל גרויסע טיילן פון דער ערד און ווי דער מין מענטש פאלט און זינקט עד שאול תחתיה. עס איז שטענדיק פאראן דער כוח פון תשובה וואס קען ברענגען דעם זינדיקן מענטשן צוריק צו די הויכקייטן פון יושר וצדק, צוריק צו די וועגן וואס פירן צו הייליקייט און דערהויבנקייט.

אונדזער תורה קען פאַרהיטן דעם מענטשן פון פאַלן אַזוי נידעריק אין די אָפּגרונטן פון פאַרדאָרבנקייט און אומווירדיקייט. אונדזער תורה קען ברענגען צוריק דעם מענטשן צו ריינקייט און איידלקייט. צוריק צום מקור פון זיין יצירה ווען ער האָט באַקומען די ברכה פון באַשעפער.

נאָר דורך דעם כוח פון אונדזער הייליקער תורה קען געשען דער נס, אַז דער זינדיקער מענטש זאָל צוריק באַקומען זיין צלם אלקים און אויפהערן באַדראָען די וועלט מיט חורבן און אונטערגאַנג. דאָס זעען מיר אַלץ בולטער אין די לעצטע צייטן, ווען מיר כאַפּן אַ בליק אויף דער טרויעריקער פּאַנאָראַמע פון דער היינטיקער וועלט.

קאַפּ: תורה — דער ליכטיקער טורעם

את אלקים התהלך נח — ר״נ אומר: למה אברהם דומה לאוהבו של מלך, שראה את המלך מהלך במבואות אפלים והתחיל מאיר לו דרך החלון א״ל עד שאתה מאיר לי דרך החלון בוא ותאיר לפני, כך הקב״ה אמר לאברהם אבינו עד שאתה מאיר לי מאספמיא בו ותאיר לפני בארץ ישראל. (ילקוט שמעוני).

די געשיכטע פון מבול, אַזוי ווי זי ווערט דערציילט אין חומש, צעשטערט ביי אונדז דעם אָפּטימיזם וואָס מיר האָבן געהאַט ווען מיר האָבן געגאָסן פון די פּרעכטיקע שילדערונגען פון דער יצירה. אָט ערשט מיט צען דורות צוריק האָט ג־ט באַשאַפן דעם מין מענטש און געהאַט הנאה פון זיין שאַפונג און געהאָפט אַז דער מענטש וועט טאָן נאָר גוטס אויף דער ערד. יהיה טוב מאוד. דאַן איז די וועלט געווען ווי אַ שיינער פּאַלאַץ. דער רבונו של עולם האָט אָבסערווירט די ערד און באמת הנאה געהאַט פון איר שיינקייט. ער האָט געזאָגט: פּאַלאַץ, פּאַלאַץ מיינער, הלוואי זאָלסטו בלייבן אַזוי ליכטיק, אַזוי שיין און אנגענעם אין משך פון אַלע צייטן. און ג־ט האָט נאָך צוגעגעבן: וועלט, וועלט מיינע, הלוואי זאָלסטו מיר שטענדיק אַזוי געפעלן ווערן ווי דו געפעלסט מיר איצט.

אָבער פּלוצלונג האָט ג־ט דערזען ווי די וועלט איז פאַרדאָרבן געוואָרן און ווי דער מענטש האָט אָנגעהייבן צו טאָן נאָר שלעכטס און ווי ער טראַכט נאָר פון טאָן שלעכטע זאַכן צו זיינע מיט־מענטשן אויף דער וועלט — רק רע כל היום. איז מיטאַמאָל זייער אומעטיק געוואָרן אין דער פמליה של מעלה. דער באַשעפער האָט גענומען טראַכטן וועגן מאַכן אַ סוף צו דער עקזיסטענץ פון דעם מענטשן אויף

דער ערד. אמחה את האדם מעל פני האדמה. איך וועל אָפּמעקן דעם מענטשן פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד.

דער זינדיקער מענטש האָט נאָך אין יענער עפּאָכע נישט געהאַט אונדזער תורה, וואָס איז דאָך ווי אַ ליכטיקער טורעם וואָס קען דעם מענטשן לייטערן פון זיינע ערדישע אינסטינקטן און דערמעגלעכן אים, אַז ער זאָל דערגרייכן די העכסטע מדרגה פון עטיק און פון שיינקייט אין זיין גייסטיק לעבן. נאָר אַברהם אָבינו האָט געהאַט דעם זכות צו קענען טראָגן אין זיך אַלע עטישע און דערהויבענע געבאָטן פון דער תורה, נאָך איידער זי איז געגעבן געוואָרן צו די יידן אויפן באַרג סיני. קיים אַברהם אָבינו את כל התורה עד שלא ניתנה. אַברהם אָבינו האָט מקיים געווען אַלע געבאָטן פון דער תורה. ער האָט געטראָגן אין זיך דעם עטישן אומרו, אהבת השם ואהבת הבריות. אַברהמס ליכטיקער אויסשטראַל אין ארם נהרים איז געווען געגליכן צו אַ ליכטיקן פענצטער וואָס האָט אַרויסגעשיינט אין דעם אַרום פון פינצטערניש און פאַרברעכן, אין יענעם געדיכטן זומפּ פון געצנדינערײַ און זינדיקע מעשים פון דער אוראַלטער צייט. ג־ט האָט צוגעזאָגט, אַז אין ארץ ישראל וועט דאָס ליכט פון אַברהם אָבינו שטראַלן ווי אַ ליכטיקער טורעם פון תורה און נבואה, פון חכמה און וויסן, אַדאַנק די יידישע אידעאַלן פון אידעאַליזם פון פרייהייט און פון וועלט־משיחיזם, וואָס וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין דער גרויסער דינאַמישער קראַפט וואָס וועט אויפהאַלטן דאָס יידנטום.

אָבער די אַלע גרויסע אידעאַלן וואָס אונדזער פאָלק האָט געגעבן צו דער ברייטער וועלט זיינען פאַרטונקלט געוואָרן אין אונדזער גלות־לעבן. ליידער זיינען די האָריזאָנטן פון אונדזער הימל פאַרדעקט מיט געדיכטע וואָלקנס און דאָס ליכט קען נישט אַרויסשטראַלן ווי געהעריק און קלאָר, נאָר ווי דורך פענצטער וואָס פאַרדעקן טיילווייז די גרויסע ליכטיקייט. נאָר אין ארץ ישראל וועט קענען אונדזער ליכט שטראַלן פריי און אומגעשטערט, ווייל דאָרט אין יידישן לאַנד קענען מיר פאַרשפּרייטן די ליכטיקייט פון „חיי נשמת אויר ארצנו", וואָס ר' יהודה הלוי האָט אַזוי פּרעכטיק און שיין באַזונגען אין זיינע אומשטערבלעכע פּאָעמעס און לידער. די לופט פון ארץ ישראל איז אַ לופט וואָס באַשטייט בלויז פון נשמה און גייסט, פון השקיפה ממעון השמים. דער אויר פון ארץ ישראל איז לויטער און דורכזיכטיק און האַלט אָפן די טויערן פון הימל פאַר די תפילות פון כלל ישראל. די

שערי שמים זיינען דאָרטן אָפן פאַר די הערצער פון דער גאַנצער מענטשהייט.

דעריבער האָט דער רבונו של עולם געזאָגט צו אַברהם אָבינו: עד שאתה מאיר לי דרך החלון, תאיר לפני בארץ ישראל. איספּמיא — דאָס איז נאָר אַ פענצטער צו דער ליכטיקייט, צו דער גרויסער און אמתער ליכטיקייט פון אור השכינה שבארץ ישראל.

# דער גרויסער כוח פון תשובה
# (עשרת ימי תשובה)

וואָס מיינט אייגנטלעך תשובה? דאָס מיינט מתקן זיין אַלטע חטאים און זינדיקע מעשים, דאָס מיינט צוריקקערן זיך אויף בעסערע וועגן, חרטה האָבן אויפן שלעכטן און פאַרבעסערן די פירונגען, כדי צו לעבן אַ ריינעם און עטישן לעבן.

שטענדיק קען מען תשובה טאָן. מען דאַרף גאָרנישט וואַרטן אויף די ימים נוראים און אויף די עשרת ימי תשובה. מען קען תשובה טאָן יעדן טאָג, יעדע שעה, יעדע רגע. תשובה קדמה לבריאת העולם שנ" בטרם הרים ילדו מאותה השעה תשב אנוש עד דכא (מדרש בראשית). שטענדיק איז דאָ תשובה אויף צו קענען מתקן זיין די שלעכטע מעשים וואָס דער מענטש טוט. ווען עס וואָלט נישט געווען קיין וועג אויף צוריק — דער וועג פון תשובה — וואָלט גאָר די וועלט נישט געקענט עקזיסטירן. אַזאַ וועלט פון זינד און שלעכטס וואָלט שוין פון לאַנג געדאַרפט אונטערגיין. שטענדיק זיינען דאָ מעגלעכקייטן פאַר די פאַרפירטע און פאַר די פאַרבלאָנדזשעטע כדי זיי זאָלן קענען צוריק איינגלידערן זיך אין דער געזעלשאַפט פון ריינע און גאָטספאָרכטיקע מענטשן. דאָס קענען ווערן צוריק אַ טייל פון דער ריינער געזעלשאַפט פון נישט־זינדיקע איז ווי אַ שטראַל אין אַ געדיכטער פינצטערניש. זרח בחושך אור לישרים. עס שטראַלט אַרויס אַ ליכטיקייט פון די אַלע וואָס טוען תשובה און ווילן זיך צוריק באַהעפטן מיט די עטישע און אייביקע ווערטן פון יידישקייט. דאָס איז אַ באַהעפטונג מיט דער שכינה און די גוטע געבאָטן פון דער תורה. כיון שברא תשובה הת־נוצץ אור ממנו והוא אור מבהיק מסוף העולם ועד סופו. (ילקוט בראשית).

די גאַנצע מענטשהייט דאַרף זיך אָפּגעבן אַ דין וחשבון ווי זינדיק און שלעכט די וועלט איז. די זינדיקע וועלט מוז זיך אומקערן אויף צוריק פון אירע שלעכטע וועגן. נאָר אַזוי וועלן מיר קענען לעבן אין אַ בעסערער און שענערער וועלט.

ווייל דער מענטש איז אַזוי פאַריאָגט און פאַדרייט אין זיינע טאָג־טעגלעכע פּראָבלעמען, פאַרנומען מיט דאגות און זאָרגן איז ספּעציעל באַשטימט געוואָרן פון דער השגחה אַ ספּעציעלער חודש פאַר תשובה און פאַר חשבון הנפש. דאָס איז דער חודש אלול ביז ראש השנה. נאָך ראש השנה קומען די עשרת ימי תשובה. דאָס זיינען צען טעג אין וועלכע דער רבש"ע דערנענטערט זיך צום זינדיקן מענטשן און איז גרייט אים מוחל צו זיין. דעריבער קען דער מענטש דערנענ־טערן זיך צו ג־ט אין די הייליקע טעג.

דער בעל שם טוב האָט געזאָגט, אַז דער „אַלף" פון חטא ווערט נישט אַרויסגערעדט אין דער הברה, ווייל דער וואָס האָט געזינדיקט פאַרגעסט אין ג־ט. דער מענטש וויל פאַרגעסן, אָבער דער רבונו של עולם פאַרגעסט נישט. כי זוכר כל הנשכחות. דער רבש"ע ווייסט, אַז דער מענטש האָט אַ טבע צו פאַרגעסן און ממילא פאַרגעסט ער אויך אין ג־ט. דאָס איז אַ שטיקל זכות פאַרן מענטשן אין די אויגן פון ג־ט. אָבער אין חודש אלול און אין די ימים נוראים קען שוין נישט גילטן קיין שום תירוץ. מען מוז זיך דערמאָנען. דערפאַר הייסט ראש השנה אויך יום הזכרון. דער מענטש מוז אין דעם טאָג געדענקען ווו ער האַלט אין דער וועלט און וואָס עס קומט פאַר מיט אים. דער יסוד פון חשבון הנפש איז דער זכרון. כי זכר כל המעשים לפניך בא ואתה דורש את מעשה כולם. דער זכר פון אַלע מעשים וואָס דער מענטש טוט אָפּ קו־מען פאַר דער השגחה עליונה און זי זעט, אַז דער מענטש האָט פאַרגעסן דאָס וויכטיקסטע אין זיין לעבן. ער גיט אַוועק דאָס סאַמע גייסטיקע און דערהויבענע פון זיין לעבן פאַר אַ נזיד עדשים, פאַר אַ טאָפּ לינדזן, און דאָס גראָבט אונטער דעם סאַמע יסוד פון זיין עקזיסטענץ. אָבער ער ווערט אויפגעוועקט און דערמאָנט דורך אויפטרייסלונגען אין זיין לעבן, דורך שווערע יסורים און פיין, אַז מען מוז תשובה טאָן.

די עשרת ימי תשובה רופן און וועקן דעם מענטש, אַז ער זאָל איבערייסן מיט דער שלעכטער פאַרגאַנגענהייט און צוריק אָנהייבן לעבן אַ ריינעם און גייסטיק־עטישן לעבן.

# פאַרוואָס מיר טאָרן נישט מוחל זיין דייטשלאַנד

עס איז געווען אַ גרויסער פעלער מצד די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע אויטאָריטעטן פון יידישן פאָלק נישט צו פּראָקלאַמירן קיין אָפּיציעלן חרם אויף דייטשלאַנד. אַזאַ מין חרם האָט געדאַרפט באַצייטנס פּראָקלאַמירט ווערן. ווען דאָס וואָלט פּאַסירט, וואָלטן מיר אויסגעמיטן זייער פיל שעדלעכע און שענדלעכע דערשיינונגען פון יידן וואָס זיצן זיך היינט רואיק אין דייטשלאַנד, האַנדלען מיט דייטשן, מאַכן געלט אין דייטשלאַנד אָפּטמאָל פון נישט קיין ערלעכע געשעפטן און אַזוי ווייטער.

מיט איבער 20 יאָר צוריק האָט זיך פאַרענדיקט די צווייטע וועלט־מלחמה מיט דער מיאוסער מפּלה פון נאַצי־דייטשלאַנד. ליידער האָבן מיר נישט געקענט זיך פרייען שטאַרק מיט דעם גרויסן נצחון פון דער דעמאָקראַטיע איבער אונדזער גרעסטן שונא, ווייל מיר האָבן געהאַט אַ שוידערלעכן חורבן און קאַטאַסטראָפאַלע פאַרלוסטן אין דעם קריג. די גמרא זאָגט אין סוף הוריות „האויב תמו חרבות לנצח אע״פ שהאויב תמה״. טראָץ דעם וואָס דער שונא האָט זיך געענדיקט און געליטן אַ גרויסע מפּלה, איז דאָך אָבער געבליבן דער חורבן וואָס ער האָט פאַראורזאַכט. אונדזער טראַגישער חורבן איז געבליבן אויף שטענדיק. מיר האָבן פאַרלאָרן זעקס מיליאָן מענטשן פון אונדזער פאָלק. זיי האָבן נישט דערלעבט דעם נצחון און דעם טאָג פון פרייהייט. נאָר קליינע רעשטלעך פון דער שארית הפליטה האָבן דאָס דערלעבט.

צום באַדויערן האָבן די זיגערס קיינמאָל נישט גענומען קיין אמתע נקמה אָן די בלוטדורשטיקע דייטשן. באַלד נאָך דעם נצחון האָט זיך אָנגעהייבן די קידער־ווידער פּאָליטיק צווישן מזרח און מערב

און דערפון האָבן געגאַסן די נאַציס מיט אַ ברייטער האַנט. מען האָט אָנגעהייבן חנפהענען זיך צו די דייטשן און אונטערטראָגן זיי אַלערליי קאָנצעסיעס איינע נאָך דער אַנדערער. דעריבער איז היינט צו טאָג נישט אומזיסט מערב־דייטשלאַנד איינע פון די רייכסטע און מעכטיקסטע לענדער פון מערב־אייראָפּע. די אינדוסטריע פון דייטשלאַנד האָט אויפגעלעבט און האָט איבערגעשטיגן די אינדוסטריעס פון די לענדער וואָס זיינען געווען אירע שונאים אין קריג. דייטשלאַנד האָט נישט דורכגעמאַכט אַזאַ טראַגעדיע צוליב דער מלחמה, ווי דאָס האָבן צום ביישפּיל דורכגעמאַכט ענגלאַנד און פראַנקרייך, שוין נישט רעדנדיק וועגן די אַנדערע קלענערע לענדער פון איראָפּע, וואָס זיינען ברוטאַל אינוואַדירט געוואָרן דורך די דייטשן. טראָץ דעם וואָס דייטשלאַנד איז היינט צעטיילט אויף צוויי טיילן, האָט עס די דייטשן אַבסאָליוט נישט געשאַדט און זיי ווערן צוריק אַ גרויס און מעכטיק פאָלק. זיי שפּירן נישט דעם חורבן וואָס זיי האָבן געבראַכט אויף צענטליקער מיליאָנען מענטשן. די דייטשן זיינען אַבסאָליוט נישט באַשטראָפט געוואָרן פאַר זייערע מוראדיקע פאַרברעכנס קעגן דער מענטשהייט און קעגן דעם יידישן פאָלק בפרט.

און אויב מען רעדט אַזוי פיל וועגן מוחל זיין דייטשלאַנד און וועגן פאַרגעסן זייערע שרעקלעכע זינד קעגן אונדזער פאָלק, פרעגט זיך אַ פראַגע: ווער קען דאָס מוחל זיין? ווער איז באַרופן דערצו? ווער קען זיך נעמען דאָס רעכט צו רעדן אין נאָמען פון אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים?. נישטאָ און עס קען נישט זיין אַזאַ מין אויטאָריטעט ביי אונדז. עס איז נישטאָ אַזאַ אינסטיטוציע וואָס זאָל האָבן דאָס מאָראַ־לישע רעכט צו רעדן אין נאָמען פון אונדזערע קדושים וטהורים און צוזאָגן די דייטשן סליחה ומחילה אין זייער נאָמען. קיינער האָט נישט קיין רעכט זיי צו זאָגן „אייערע זינד זיינען פאַרגעבן און פאַרגעסן געוואָרן".

אין רמב"ם, הלכות רוצח (פ"א ה"ד) ווערט געבראַכט, אַז אַ בית דין קען נישט נעמען קיין געלט (כופר) פון אַ רוצח און אַפילו אויב ער האָט געגעבן די גרעסטע סומע אויסקויף־געלט און אויב אַפילו דער גואל הדם וויל אים באַפרייען פון דער שולד. באַפרייען דעם מערדער צוליב געלט איז די גרעסטע עבירה, ווייל דער נפש וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן איז נישט קיין פּריוואַטער קנין פון קיינעם, דאָס איז דער קנין פון ג־ט.

קיינער קען נישט מוחל זיין אַזאַ מין פאַרברעכן פון הרגענען בלויז איין מענטש. און בפרט נאָך, ווען די דייטשן האָבן דערמאָרדעט און אומגעבראַכט מיט אַלערליי מיתות משונות זעקס מיליאָן פון אונדזערע טייערע ברידער און שוועסטער און צווישן זיי אַ מיליאָן יידישע קינדערלעך. קיינער טאָר נישט נעמען אויף זיך אַזאַ אחריות פאַר דער געשיכטע. ווער וועט וואגן צו נעמען אויף זיך אַזאַ גרויסע מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט? ווער וועט קענען זיך פאַרענטפערן פאַרן געוויסן פון דער מענטשהייט און פאַרן געוויסן פון אונדזער פאָלק? ביי אונדז יידן איז דאָ אַ דין אין דער תורה וועגן געדענקען דאָס וואָס עמלק האָט אונדז געטאָן. „זכור את אשר עשה לך עמלק" און „מחה תמחה את זכר עמלק". דער רבי ר' העשל פון קראָקע פלעגט מקיים זיין דעם אָנזאָג פון דער תורה אויף דעם אופן: ווען ער פלעגט קויפן אַ נייע פעדער צו שרייבן, פלעגט ער פריער אָנשרייבן דאָס וואָרט „עמלק" אויף אַ שטיקל פאַפּיר און דערנאָך אויספּראָבירן די פען מעקנדיק כסדר דעם אָנגעשריבענעם וואָרט מיטן נאָמען פון יידישן שונא . . . אַזוי אַרום פלעגט ער מקיים זיין די מצווה פון מחיית עמלק אויף אַ סימבאָלישן אופן. דאָס איז דער כוח פון מאָראַלישער שטאַרקייט, פון נישט פאַרגעסן אויף אייביק וואָס אַ בלוטיקער שונא האָט אונדז אָפּגעטאָן. דאָס דאַרף זיין דער כוח פון אונדזער יידישן גייסט קעגן די מאָדערנע עמלקים.

דאָס היינטיקע דייטשלאַנד האָט אָפילו נישט פּראָבירט כאָטש מיט עפּעס צו אויסדריקן חרטה אָדער אָן אָנפאַנג פון אמתער תשובה פאַר די בלוטיקע מעשים פון די נאַציס בימי היטלער ימח שמו וזכרו. דער יונגער דייטשער דור וואָלט כאָטש באַדאַרפט באַווייזן מיט פּאָזיטיווע מעשים, אַז ער שעמט זיך פאַר דעם וואָס זיינע טאַטעס האָבן אָפּגעטאָן צו די יידן. די יונגע דייטשן וואָלטן באַדאַרפט מיט גוטע מעשים באַווייזן, אַז זיי האָבן חרטה און העלפן די געליטענע פון נאַצי־טעראָר. זיי וואָלטן געדאַרפט אָנפירן אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע איבער גאַנץ דייטשלאַנד און פאָדערן פון זייער רעגירונג, אַז די נאַצישע מלחמה־קרימינאַלן זאָלן שטרענג באַשטראָפט ווערן. ליידער זעט מען נישט, אַז די דייטשן זאָלן דאָס טאָן. דאָס הייבט זיי נישט אָן צו אַרן און דאָס מאַטערט נישט זייער געוויסן.

מיר וואָלטן באמת געדאַרפט אויסרופן אַ חרם קעגן וווינען אין דייטשלאַנד, ווייל דאָס וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעטאָן מיט אונדזער פאָלק איז דאָך לכל הדעות פיל ערגער ווי דאָס וואָס די שפּאַנישע

אינקוויזיציע האָט געטאָן און פונדעסטוועגן איז געווען פּראָקלאַמירט הונדערטער יאָרן אַ חרם קעגן שפּאַניע. אויב אַזאַ חרם איז געווען קעגן שפּאַניע, האָט זיכער דאָס געדאַרפט פּראָקלאַמירט ווערן קעגן דייטשלאַנד. אין מיין ספר פון שאלות ותשובות „מחשבת הקודש" באַהאַנדלט איך די פראַגע פון הלכה־שטאַנדפּונקט. מיר האָבן באַמיט זיך צו אויסגעפינען ווער עס האָט פּראָקלאַמירט זיינער צייט דעם יידישן חרם קעגן שפּאַניע. עס איז נישטאָ קיין באַווייז פאַר דעם. הרב עוזיאל ז"ל האָט מיט אַ צייט צוריק געענטפערט אויף אַ פראַגע פון הרב א. שלם, אַז עס איז נישטאָ קיין באַווייז פאַר אַזאַ חרם אויף שפּאַניע.

איך דענק דעריבער, אַז עס איז נישט געווען אַן אָפיציעלער חרם, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אָפיציעל מיט אַן אויפרוף און דורך אַ צערעמאָניע. נישטאָ ביי אונדז אַזאַ נוסח פאַר דעם. נאָר זיכער איז דאָס געווען אַ מאָראַלישער חרם וואָס איז אויסגערופן געוואָרן אין די הערצער פון די יידן וואָס האָבן איבערגעלעבט די גרויזאַמקייטן פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע און פון גירוש שפּאַניע. אַזאַ מין חרם — אין מוח און אין האַרץ — איז פיל שטאַרקער און עפעקטיווער פון צערעמאָניעלע פּראָקלאַמאַציעס. אַזאַ חרם בלייבט אויף שטענדיק אין די טיפענישן פון די יידישע הערצער. דאָס איז אַ חרם לויט אַ נוסח נישט פון ווערטער און שיינע פראַזעס, נאָר לויט אַ נוסח וואָס איז מיט בלוטיקע אותיות פאַרשריבן אין די הערצער פון אונדזער פאָלק.

און אויב עס זיינען אומגעקומען על קידוש השם די וואָס האָבן גע־ליטן דירעקט און פערזענלעך פון די נאַצי־מחבלים, דאַרפן מיר, די לעבנגעבליבענע פּראָקלאַמירן אַזאַ חרם אויף דייטשלאַנד, כדי קיין שום ייד זאָל נישט וואגן צו וווינען וווייטער אין אַזאַ ארץ הדמים. קיין שום יידישע פוס טאָר נישט באַטראָטן די ערד פון אַזאַ לאַנד, וואָס האָט געבראַכט צו דער גרעסטער בלוט־פאַרגיסונג אין דער יידישער געשיכטע. אַפילו דאָס ברויט אין דייטשלאַנד איז דאָך אויסגעמישט מיט דאָס בלוט פון אונדזערע קדושים.

די גמרא זאָגט „האוכל לחם לאחר המבול כאילו אוכל בשר אבותיו". נאָך אַזאַ בלוטיקן מבול איז נישט מעגלעך, אַז יידן זאָלן עסן ברויט אויף דער דייטשער ערד, ווייל דאָס ברויט איז דורכגעווייקט מיטן בלוט פון די יידישע קרבנות. עס איז פשוט נישטאָ אין דער אָרעמער מענטשלעכער שפּראַך אַזאַ נוסח צו קענען פּראָקלאַמירן און אויסרופן אַ חרם אויף דייטשלאַנד, ווייל אַפילו די גרויזאַמקייטן וואָס די דייטשן

זיינען באַגאַנגען קעגן די יידן איז נישט מעגלעך צו אויסדריקן אין וואָרט אָדער אין שריפט. אָבער דער חרם דאַרף זיין אין אונדזערע הערצער און אין אונדזערע געפילן.

די פראַגע וועגן די פּאָליטישע און דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען צווישן דייטשלאַנד און מדינת ישראל איז אויך נישט אַזאַ לייכטע. דעם אמת זאָגנדיק איז דאָס אויך קעגן אונדזערע געפילן און קעגן אונדזער געוויסן, אָבער לײדער קען מען נישט אין פּאָליטישע פּראָבלעמען צוגיין מיט סענטימענטן און מיטן געוויסן. מדינת ישראל האָט אפשר קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט און זי האָט געמוזט פאַרבינדן זיך דיפּלאָמאַטיש מיט דייטשלאַנד, אָבער דאָס האָט גאָר נישט וואָס צו זאָגן צו די געפילן פון דעם יידישן פאָלק. מיר מוזן האַלטן דעם פּאַקטישן חרם קעגן די דייטשן און זען, אַז יידן זאָלן נישט וווינען ווייטער אויף דער זינדיקער און בלוטיקער ערד.

איך האָב באַמערקט אין ספר „אזנים לתורה" פון הרב סיראָצקין פון ירושלים, אַז ער באַהאַנדלט דאָרט די פראַגע וועגן די שילומים, די פאַרגיטיקונג־געלטער וואָס מדינת ישראל האָט באַקומען פון דייטשלאַנד. דער חשובער רב זאָגט אין דעם ספר, אַז ווען די יידן זיינען אַרויס פון מצרים האָבן זיי נישט געוואָלט נעמען קיין געלט פון די מצרים, ווייל דאָס וואָלט געווען געלט אויסגעווייקט אין יידיש בלוט, ווייל די מצרים האָבן אויך אומגעבראַכט זייער פיל יידן ביי שקלאַפעריי־אַרבעט. אָבער אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז מען זאָל יאָ נעמען, צוליב דעם פּרינציפּ פון „הרצחת וגם ירשת"? די דייטשן האָבן דאָך די יידן נישט אַרויסגעלאָזט ווי די מצרים האָבן דאָס געטאָן. די דייטשן האָבן אומגעבראַכט אַלע יידן וואָס זיינען אַריינגעפאַלן צו זיי אין די בלוטיקע לאַפּעס, צוגענומען אַלע יידישע פאַרמעגנס און אומגעבראַכט אַלעמען, מענער, פרויען און קליינע קינדערלעך. דער ריכטיקער דין ווי מען דאַרף זיך פירן אין אַזאַ פאַל שטייט אין דער תורה. (אין פ" בא, י"א ב) „דבר נא באזני העם וישאלו איש מרעהו כלי כסף וכלי זהב". און די גמרא זאָגט אין ברכות „אין נא אלא לשון בקשה". מען האָט די יידן אָנגעזאָגט, אַז זיי טאָרן נישט איבערלאָזן זייערע פאַרמעגנס אין די הענט פון די מצרישע רוצחים. מען טאָר נישט די מערדער פרעמירן מיטן רויב און מיט די אָנגעגזלטע גיטער פון די יידן. שלא יאמר אותו צדיק ועבידום וענו אותם קיים בהם. די יידן וואָס זיינען אַרויס פון מצרים האָבן דעריבער יאָ גענומען

אַלערליי גאָלד און זילבער פון די מצרים. ווי עס שטייט אין דער הגדה „ואחרי כן יצאו ברכוש גדול" לא קיים בהם.

נאַטירלעך איז שווער צו מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן מצרים און דייטשלאַנד. די שקלאַפעריי פון די יידן אין מצרים איז דאָך געווען אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך מיט דעם וואָס די דייטשן האָבן געטאָן צו די יידן אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אויסער דעם האָבן די מצרים נישט געטראַכט אַפילו, אַז מיט דעם געלט וואָס זיי האָבן געגעבן צו די יידן האָבן זיי שוין אויסגעקויפט זיך פאַר זייערע שווערע זינד. די מצרים זיינען דאָך אויסער אַלעמען פאַרטרונ־קען געוואָרן אין ים, נאָכדעם ווי זיי האָבן געוואָלט נאָכיאָגן און כאַפּן די יידן. אין דייטשלאַנד איז די לאַגע אַנדערש. די נעכטיקע און היינ־טיקע נאַציס מיינען, אַז זיי האָבן שוין אויסגעקויפט זייערע זינד קעגן די יידן מיט די „שילומים". זיי מיינען, אַז דאָס איז די מחילה פאַר זייערע בלוטיקע מעשים און אַז דער חשבון איז שוין אַ געסילוקטער, ווי דאָס האָט דאָ ערשט נישט לאַנג צוריק געזאָגט דער פּרעזידענט פון מערב־דייטשלאַנד, ליבקע. די דייטשן מיינען, אַז איצט קענען זיי שוין ווידער אַריינגייען אָן חרפּה אין דער געזעלשאַפט פון דער פרייער און דעמאָקראַטישער וועלט. אָט דאָ ליגט די געפאַר פון די שילומים. מיר מיינען, טאַקע, אַז דאָס איז נישט מער ווי צוריקנעמען כאָטש אַ טייל פון די ריזיקע פאַרמעגנס וואָס די דייטשע גזלנים האָבן צוגע־רויבט ביי די יידישע קדושים, אָבער די דייטשן מיינען עפּעס אַנדערש. זיי מיינען, אַז דאָס איז כופר, אויסלייז־געלט. אָבער לײדער ווייסן מיר, פאַרוואָס מדינת ישראל איז געווען געצוווּנגען צו אָננעמען די שילומים פון דייטשלאַנד און פאַרוואָס הונדערטער יידישע קרבנות פון היטלערן, פון דער שארית הפליטה, האָבן געטאָן דאָס זעלבע. מיר טאָרן אַפילו צופיל נישט טראַכטן וועגן דעם.

ווי דער בעש"ט האָט געזאָגט: מיר קענען נישט אויסמעקן עמלקס נאָמען מיט געווער. מיר קענען נאָר באַקעמפן עמלקן מיט גייסטיקע און הימלישע כוחות. „מחה אמחה את זכר עמלק מתחת השמים". דאָס מיינט טאַקע, אַז מיר קענען באַקעמפן עמלקן נאָר מיט דער הילף פון הימל, פון אונדזער יידישן גייסט. מיר קענען שטאַרקן דעם אויפ־בוי פון דער יידישער מדינה מיט די געלטער פון דייטשלאַנד (דאָס איז טאַקע געטאָן געוואָרן), מיר קענען פאַר די שילומים־געלטער אַרויס־געבן מאָנומענטאַלע ספרים צום אָנדענק פון די יידישע קדושים און אַנדערע קולטור־ווערק. „כתוב זאת זכרון בספר, כי מחה אמחה את זכר

עמלק". מיר פאַראייביקן טאַקע אין אונדזערע ספרים דאָס וואָס עמלק האָט געטאָן צו אונדז אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. מיר פאַראייביקן די הייליקע יידישע קהילות וואָס זיינען אומ־געבראַכט געוואָרן דורך די בלוטדורשטיקע נאַציס, מיר פאַראייביקן דעם העראָישן יידישן אויפשטאַנד אין געטאָ פון וואַרשע און אין אַנדערע שטעט. מיר פאַרצייכענען די בלוטיקע כראָניק און די העל־דישע טאַטן פון קידוש השם פון זייער פיל העלדישע יידן. מיר דאַרפן וואָס מער פאַרשרייבן און פאַרצייכענען, כדי מקיים צו זיין די צוואה פון די קדושים, וואָס האָבן אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן דאָס נישט פאַרגעסן. זכור את אשר עשה לך עמלק־דייטשלאַנד. לא תשכח! מען טאָר דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

דורך דעם וואָס מיר פאַרשרייבן און פאַראייביקן די כראָניק פון יענע בלוטיקע יאָרן, שטעלן מיר פאַקטיש אויף אַ מצבה פאַר די קדושים פון אונדזער פאָלק. דאָס איז אַ טייל פון אונדזערע גייסטיקע און הימלישע כוחות, מיט וועלכע מיר קענען באַקעמפן די עמלקים פון דער היינטיקער צייט.

# דער נעגער־פּראָבלעם אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן

פון צייט צו צייט ווערט אַקטועל — דראַמאַטיש אַקטועל — דער ערנסטער נעגער־פּראָבלעם אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן. די צייטונגען ברענגען אויף זייערע ערשטע זייטן אַליאַרמירנדיקע ידיעות וועגן ראַסן־אומרועָן אין דער „סאָוטה", אין דרום־טייל פון די פֿאַרייניקטע שטאַטן, ווו די נעגערס וווינען אין קאָמפּאַקטע מאַסן. עס גיסט זיך אָפט בלוט פון שוואַרצע און אויך פון ווייסע צוליב אַ ליאַדע צוזאַמענשטויס, אָדער פּאַרפּאַל. דער פּראָבלעם ווערט אַלץ ערנסטער.

עס איז נישט אַזוי לייכט צו צוגיין צו דעם פּראָבלעם מיט פֿאַרטיקע פאָרמולעס. דער אָנגעווייטאָגטער ענין מוז אויפגענומען ווערן זייער ערנסט ובכובד ראש. עס איז קלאָר, אַז די נעגערס דאַרפן האָבן פולע גלייכבאַרעכטיקונג אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן. זיי מוזן האָבן פולע רעכט צו שטודירן, צו שטימען אין וואַלן, צו פֿאַרנעמען עפנטלעכע אַמטן און אַזוי ווייטער. דער קאָליר פון דער הויט ביי מענטשן טאָר נישט זיין קיין שום מאָטיוו פֿאַר דיסקרימינאַציע קעגן זיי. מען קען האָבן אַ ווייסע הויט און אַ שוואַרצע נשמה און פֿאַרקערט. אַט זיינען דאָך די דייטשן זייער ווייסע מענטשן לויט דער הויט (בעסער געזאָגט: לויט דער „פעל") פון זייערע קערפּערס און מיר זעען דאָך וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן מיט מיליאָנען יידן און אַנדערע מענטשן אין אייראָפּע. אַפילו די שוואַרצע קאַניבאַלן פון די אַפריקאַנער דזשאָנגלס זיינען דאָך לייטישע דזשענטעלליט אין פֿאַרגלייך מיט די דייטשן. עס שטייט געשריבן „כי בצלם אלקים עשה את האָדם" — אַלע מענטשן דאַרפן זיין גלייך און עס טאָר נישט זיין

קיין חילוק צווישן ווייסע און שוואַרצע. אַלע מענטשן און אַלע ראַסעס דאַרפן זיין גלייך, ווייל אַלע זיינען מיר דאָך קינדער פון ג־ט.

מיט דער הילף פון פּאָליציי און טעראָר־מיטלען וועט מען נישט לייזן דעם נעגער־פּראָבלעם אין די פאַרייניקטע שטאַטן. עס מוז אונטערגענומען ווערן אַ דרינגנדער קאַמפּיין פון אויפקלערונג, פון אַריינברענגען און איינפּלאַנצן יושרדיקע געפילן פון פאַרשטענדעניש און האַרמאָניע צווישן ווייסע און שוואַרצע. עס דאַרף געפּרעדיקט ווערן וואָס מער דער „ואהבת לרעך כמוך".

די גמרא זאָגט: רע"ק אומר, ואהבת לרעך כמוך — זה כלל גדול בתורה. דער שיינער כלל פון ליב האָבן דיין חבר ווי דיר אַליין איז נאָר טעאָרעטיש זייער שיין. אָבער אין פּראַקטישן לעבן דערגייט מען זייער זעלטן צו אַזאַ שטופע פון קענען ליב האָבן אַ צווייטן מענטשן ווי זיך אַליין. דאָס הייסט, אַז שיינע פראַזן אַליין זיינען נישט גענוג. מען דאַרף גוט זיך אויסלערנען און איינקריצן אין זכרון די ווערטער פון אונדזערע חכמים און נביאים און נעמען אין אַכט זייערע מאָראַלישע און דערהויבענע אָנווייזונגען.

מיט אַזאַ צוגאַנג פון עטישן און מאָראַלישן כאַראַקטער וועט מען קענען מיט דער צייט לייזן דעם פּראָבלעם פון די נעגערס אין די פאַרייניקטע שטאַטן און אויך אַלע אַנדערע פּראָבלעמען פון ראַסן־דיסקרימינאַציע וואָס זיינען פאַראַן היינט צו טאָג אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט.

# ווי אַזוי צו פֿאַראייביקן אונדזערע קדושים

„כל המתאבל על ירושלים זוכה ורואה בנחמתה" . . .

זינט אַ לאַנגער צייט ווערט דיסקוטירט אין דער יידישער עפנט־לעכקייט די פראַגע ווי אַזוי צו פֿאַראייביקן אין אַ פּאַסיקער און וויר־דיקער פֿאָרם דעם הייליקן אָנדענק פֿון אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים און פון אַלע הייליקע קהילות פון אונדזערע אַלטע היימען, וואָס זיינען אומגעבראַכט און פֿאַרוויסט געוואָרן דורך די נאַצישע מערדער ימח שמם וזכרם. דאָס איז זייער אַן ערנסטע און וויכטיקע פראַגע, ווייל ביז איצט איז נישט געפונען געוואָרן דער ריכטיקער וועג דערצו.

עס דערשיינען גאַנץ אָפֿט יזכור־ספֿרים און אָפּהאַנדלונגען איבער חרוב געוואָרענע יידישע קהילות. אָבער עס איז אַ פראַגע צי זיי דערפילן זייער ציל. מיר וואָלטן באַדאַרפט פֿאַראייביקן דעם אומקום פון מיליאָנען יידן און דעם חורבן פון די קהילות צוזאַמען אין איין פֿאָרם. אָבער גלייכצייטיק דאַרפן מיר האָבן אין זינען אויך דעם נייעם אויפקום פון אונדזער פֿאָלק, ווייל ביי אונדז גייט שטענדיק צוזאַמען אומקום מיט אויפקום.

מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק איז דורך די קאָזאַקישע שחיטות אין אוקראַינע אומגעקומען אַ דריטל פון אונדזער פֿאָלק. דער „יוון מצולה" האָט פֿאַרצייכנט די טראַגישע געשעענישן פון יענער צייט, כדי צו טרייסטן די יידן און צו פֿאַרזייען ביי זיי די קערנער פון אַ חלום וועגן גאולה און אויפקום.

מען דערציילט, אַז נאַפּאָלעאָן, דער באַרימטער פראַנצויזישער קריגס־פֿירער און אימפּעראַטאָר, איז אין יאָר 1812 געווען אין אַ קליין יידיש שטעטל אין רוסלאַנד. אים איז אויסגעקומען אין מלחמה־צייט צו פֿאַרבייריַיטן אויף זיין פערד דאָס שטעטל און ער האָט

געהערט, אַז עס טראָגט זיך אַ גרויסער געוויין פון דערוואַקסענע מענטשן אין דער שול. עס איז גראַד געווען תשעה באָב. איז ער אַריין אין שול און געפרעגט פאַרוואָס וויינען די יידן אַזוי שטאַרק. האָבן די יידן אים דערקלערט, אַז יידן וויינען שטענדיק תשעה באָב אויפן חורבן פון בית המקדש. האָט דער גרויסער נאַפּאָלעאָן געזאָגט, אַז אַ פאָלק וואָס קען אַזוי לאַנג וויינען אויף זיין חורבן וועט זיכער קענען צוריק אויפבויען דאָס חרובע... די וואָס קענען נישט באַוויינען קאָלעקטיוו זייער חורבן וועלן אויך נישט קענען קאָלעקטיוו אויפבויען אַ נייעם לעבן.

עס פעלט אונדז אַ נייע און מאָדערנע קינה וואָס זאָל באַוויינען אונדזער גרעסטן חורבן אין דער צייט פון דער פינצטערער היטלער־עפּאָכע אין אייראָפּע. ווו נעמט מען אַ ירמיהו הנביא וואָס זאָל אויסשרייען אויף דעם גרויסן און טראַגישן חורבן „מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה ואבכה על חורבן עמי"? מיר זיינען ליידער צו אָרעם און צו באַגרענעצט אויף צו קענען באַוויינען ווי געהעריק דעם טראַגישן אומקום פון זעקס מיליאָן פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, פון איבער אַ מיליאָן קליינע און אומשולדיקע יידישע קינדערלעך. מיר האָבן נישט קיינע נביאים און ראשונים וואָס זאָלן קענען אויסדריקן אונדזער צער און ווייטאָג. מיר דאַרפן טראַכטן דעריבער ווי אַזוי צו פאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון די קדושים מיט די מיטלען און אויף די וועגן וואָס מיר קענען טאָן. מיר דאַרפן בויען ישיבות ווו עס זאָל געלערנט ווערן תורה אין הייליקן זכר פון די זעקס מיליאָן קדושים. דאָס וועט זיין אַ שטענדיקער און לעבעדיקער מאָנומענט אין טראַדיציאָנעל־יידישן גייסט פאַר זייער אָנדענק און דורכדעם וועט דער גייסט פון דער הייליקער תורה אויך געשטאַרקט ווערן צווישן אונדזער יוגנט. די דאָזיקע ישיבות וועלן דאַרפן טראָגן די נעמען פון די חרוב־געוואָרענע יידישע שטעט.

דאָס איז דער בעסטער וועג ווי אַזוי צו פאַראייביקן דעם הייליקן זכר פון אונדזערע קדושים און מאַרטירער פון אייראָפּע.

# די בר מצוות און די בר עבירות...

די גאַנצע אַזוי גערופענע „אינסטיטוציע" פון בר מצוות אין אַמע־ריקע האָט געבראַכט אַ גרויסע גייסטיקע דערנידעריקונג אין יידישן לעבן. דעם אמת זאָגנדיק וואָלטן די בר מצוות געדאַרפט קריגן דעם נאָמען „בר עבירות", ווייל פאַקטיש מיינט אַזאַ שמחה אין אַמעריקע, אַז דער יידישער בחור וואָס ווערט 13 יאָר אַלט איז שוין פטור פון אַלע מצוות און ער מעג שוין אָנהייבן טאָן אַלערליי עבירות... ווען דער בר־מצוה בחור וואָלט טאַקע גענומען לייגן תפילין יעדן טאָג, ווען ער וואָלט געפאָלגט אַלערליי געבאָטן און אָפּגעהיט די מצוות, וואָלט אפשר דער נאָמען פון „בר מצווה" געווען באַרעכטיקט. אָבער לײַדער זעען מיר, אַז קיין תפילין לייגט ער נישט, קיינע שום מצוות היט ער נישט אָפּ, ער איז מחלל שבת און יום טוב, ער עסט טרפות. ער הייבט ערשט אָן באַגיין אַלערליי עבירות. טאָ ווי קען מען דאָס אָנרופן בר מצווה?

די גאַנצע צערעמאָניע פון בר מצווה איז נישט מער ווי אַ חוזק פון אמתער פייערלעכער און יידישער טראַדיציע. מען פאַרט שבת מיט די אויטאָס ביז דער שול און מען שטעלט זיך אַוועק פונקט ביים אַריינגאַנג, מען ברענגט מתנות פון אַלע זייטן, מען ברענגט טריפענע עסנוואַרג און שאָקאָלאַד און אַזאַ מין „שמחה" רופט מען בר מצווה.

אַ רבי האָט געהייסן רופן אַ טעמפּל אין זיין שטאָט פּראָפיט־מיכה. דער נביא מיכה האָט געוואָלט מאַכן זייער „לייכט" די רעליגיע פאַר די מענטשן. אַלץ וואָס ער האָט פאַרלאַנגט איז געווען „עשות משפט ואהבת חסד והצנע לכת עם ה" אלקיך"... גייט מען דען באַשיידן מיט ג־ט? איז דען די גאַנצע יידישקייט נאָר געבויט אויף באַשיידנקייט? ליידער האָט מען זיך אָפּגעזאָגט פון דער גייסטיקער טיפקייט פון דער נשמה און מען האָט פאַרוואַנדלט יידישקייט אין אַ ווולגאַרער פייערונג, אין אויסערלעכע עפעקטן. מען טראַכט נישט פון קיין פנימיות בעת די

שמחות נאָר אין חיצוניות. און דאָס זעלבע פּאַסירט אויך ביי אונדזערע אַנדערע שמחות, ביי חתונות, ביי די סדרים פון פּסח, ביי די גרויסאַר־טיקע באַנקעטן וואָס זיינען טריפּע. מען טוט אַ מצווה וואָס איז פול מיט עבירות.

מיר מוזן אויפקלערן די יידן, אַז דאָס וואָס זיי טוען איז פול מיט עבירות. דאָס איז נישט קיין מצווה. אַ רבי זאָגט אויף דעם „חדשיכם ומועדיכם שנאה נפשי לא תרמוס חצירי". איר טרעט אַריין אין מיין חציר מיט אייערע אומריינע טריט און מיט יעדן טראָט צעטרעט איר די הייליקייט און באַשיידנקייט פון תורה־גייסט און ווער דאַרף האָבן אַזעלכע ימים טובים, זאָגט ג־ט. זיי זיינען נישט קיין יום טוב פאַר מיר נאָר אַ יום טוב פאַר אייך. פון דעם האָט הנאה אייער קערפּער, אָבער נישט די געטלעכע נשמה. מיט דעם האָט ישעי" הנביא געוואָרנט דאָס יידישע פאָלק. ער האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז אַזאַ מין פירונג וועט פירן צו דעם חורבן פון פאָלק און צום חורבן פון יידישן לאַנד.

אַ גרויסער גייסטיקער קריזיס האָט אַרומגענומען היינט צו טאָג דעם יידנטום און עס איז אונדזער חוב צו אויפקלערן די יידן די סיבות דערפון און צו אָנווייזן זיי אַ ריכטיקן וועג אין וועלכן צו גיין. די יידן הערן, אַז געוויסע רבנים לויבן זייערע פירונגען און זייערע בר מצוות, מיינען די יידן, אַז דאָס איז גוט. אָבער דאָס איז ווייט פון צו זיין גוט און יידישלעך. מען וואָלט באַדאַרפט איינמאָל פאַר אַלעמאָל איינפירן, אַז די בר־מצוות זאָלן נישט איינגעאָרדנט ווערן אין שבת. פאַר אַזאַ שמחה איז גוט יעדער מאָנטיק אָדער דאָנערשטיק, ווי דאָס איז געווען איינגעפירט אין אונדזער אַלטער היים און ווי עס פירן זיך היינט דאָ אַ טייל פון די ספרדישע יידן. אויב עס קענען קומען יידן שבת אין שול אַריין און זיי זיינען מקריב אַ טייל פון זייער צייט וואָס זיי גיבן אָפּ צו די געשעפטן, וועלן זיי דאָך אוודאי ברענגען אַזאַ „קרבן" אין אַ פשוטן מיטנוואָכיקן טאָג. און אין אַלגעמיין וואָלט מען געמעגט אויפהערן פראַווען אַזעלכע צערעמאָניעס וואָס פאַרוואַנדלען זיך אין ווולגאַרע און נישט־יידישע שמחות. די צערעמאָניעס זיינען נישט דער יסוד פון דער אמתער יידישקייט, נאָר די אמתע און גייסטיקע פּנימיות.

# די וועגן פון גליק

„צדק צדק תרדוף"...

דער כוח פון געיעג נאָך לוקסוס טרייבט דעם מענטשן צו אַ סך צרות און פסיכישע קרענק. דערפאַר זעען מיר, אַז אין קיין שום לאַנד פון דער וועלט געפינט מען נישט היינט צו טאָג אַזוי פיל גייסטיק־קראַנקע און נערוועזע מענטשן ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָרט לויפט דער מענטש כסדר אין אַ געיעג נאָך לוקסוס, נאָך סוקסעס, נאָך דער־פאָלג. דאָס צעשמעטערט דעם גייסטיקן גלייכגעוויכט פון מענטשן. ער פאַרלירט זיין מנוחת הנפש, ווייל ער ווערט כסדר געיאָגט דורך דעם דראנג נאָך דערפאָלג און נאָך לוקסוס.

אויב אַ מענטש האָט נישט דעם געהעריקן סוקסעס, איז ער אַ פאַרלוירענער אין דער גרויסער אַמעריקע. אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז אַ סימבאָל פון גרויסקייט און גייסטיקייט ווען דער מענטש איז אַ דערפאָלג. מעג איינער זיין אַ גרויסע פערזענלעכקייט אפילו, טאָמער אָבער האָט ער נישט קיין „סוקסעס", איז ער אַ פאַרלוירענער. ער איז גאָרנישט ווערט אין די אויגן פון דער מאַסע. פון דער אַנדער זייט, קען איינער זיין אַ פשוטער וויסטער איגנאָראַנט, טאָמער אָבער האָט ער „סוקצעס", האַלט מען שוין פון אים זייער פיל און ער קען דער־גרייכן זייער פיל אין זיין סביבה.

„לא לחכמים לחם" שטייט געשריבן אין אונדזערע ספרים. קלוגע און געלערנטע מענטשן זיינען אָפטמאָל זייער הינטערשטעליק אויפן עקאָנאָמישן געביט. ווען אַ מענטש איז אַריינגעטאָן אין גייסטיקן לעבן, קען ער נישט אָפּגעבן זיך מיט דערגרייכן זיין מאַטעריאַליסטישן וווילזיין, פשוט דערפאַר ווייל ער לויפט נישט נאָך דעם און גיט זיך נישט אָפּ מיט דעם.

מתוקה שינת העובד והשבע לעשיר איננו מניח לו לישן. דער גאון טייטשט אַזוי: דער אַרבעטער וואָלט געקענט שלאָפן אַ זיסן שלאָף, ווייל ער האָט דאָך פּרנסה אָן קאָפּ־פאַרדרייעניש. אָבער ער שלאָפט ניט צוליב ניט־פאַרגינער. נאָך וויניקער לאָזט שלאָפן דעם אָרעמאַן, די קנאה, די נישט־פאַרגינעריי, ווען ער טראַכט, אַז יענער האָט אפשר מער פון אים. דאָס לאָזט אים נישט שלאָפן און דאָס נעמט צו ביים אים זיין מנוחת הנפש.

„כאַפּ די געלעגנהייט" — דאָס איז אַ שלאָגוואָרט אין אַמעריקע. דאָס איז ממש הייליק דאָרטן. די „אָפּאָרטיוניטי" קלאַפּט נאָר איינמאָל אין דער טיר, כאַפּ איר. כאַפּ איר! אָבער גייט כאַפּט אַ זאַך וואָס מען קען נישט נאָכלויפן נאָך איר. דאָס זיינען זאַכן וואָס עס איז שווער צו דערגרייכן. מען פאַרגעסט אין דער השגחה פּרטיות און אַז „לא על הלחם לבדו יחי" האדם", אַז ברויט אַליין איז נישט דאָס גליק פון דעם מענטשן. דאָס אמתע גליק פון מענטשן איז „מוציא פי ה" — דאָס גייסטיקע וואָרט, די גייסטיקע ווערטן. אַ געזונט גייסטיק לעבן גיט מנוחת הנפש.

ווען דער מענטש לויפט נאָך דעם סוקצעס פאַרלירט ער זיינע גייסטיקע געפילן און ער ווערט צעבראָכן גייסטיק ממש. וואָלט דער מענטש געגלויבט, אַז דער רבונו של עולם פירט די וועלט און אַז רייכקייט איז אַ זאַך וואָס מען קען נישט כאַפּן, וואָלט אפשר דער בחיר היצירה זיך באַגנוגנט. ער דאַרף וויסן, אַז רייכטום איז אַ גאָט־זאַך. פּותח את ידך ומשביע לכל חי רצון. דער רבונו של עולם זעטיקט אַלע מענטשן און ער זעט אויך, אַז ער זאָל האָבן דעם רצון, דעם ווילן פון גייסט, דעם ווילן צו פאַרשטיין די דערהויבענע און גייסטיקע ווערטן. די אמתע מנוחת הנפש קען קומען נאָר דורך „שובי נַפשי למנוחכי כי ה" גמל עליכי". יעקב אבינו האָט געבעטן ביי ג" תן לי לחם לאכול — ברויט צו עסן — ובגד ללבוש, אַ מלבוש צו קענען זיין אָנגעטאָן. ווען אַ מענטש פאַרלירט זיין מנוחת הנפש, זיין גייסטיקן באַלאַנס, פאַרלירט ער אויך דעם אַפּעטיט צום עסן און דעם ווילן זיך צו קליידן...

# שלא שינו את לשונם...

לויט אונדזער טראַדיציע איז באַקאַנט, אַז די יידן האָבן זוכה געווען צו דער גאולה, צו אויסגעלייזט ווערן פון דער שקלאַפעריי אין מצרים, דורך פאַרשידענע מיטלען. איינער פון די מיטלען איז געווען זייער זכות וואָס זיי האָבן נישט געענדערט זייער יידישן לשון.

דאָס מיינט צו זאָגן, אַז די יידישע שפּראַך איז גאָר אַ וויכטיק געווער אין קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע. אין דעד יידישער שפּראַך קומט צום אויסדרוק די נשמה פון יידישן פאָלק. די שפּראַך איז אַ גרויסער כוח אין קאַמף פאַר דער גייסטיקייט פון מענטש. אַ גרויסער שרייבער האָט געזאָגט, אַז די פּאָעזיע אין אַ שפּראַך איז דער העכסטער שטאַפּל פון שפּראַך־עוואָלוציע וואָס דערהויבט דעם מענטשן.

דאָרט ווו עס הערשט דעמאָקראַטיע דאַרף אויך הערשן די פרייהייט פאַר אַלע שפּראַכן, ווייל סיי די אינדיווידועלע און סיי די נאַציאָנאַלע פרייהייט דריקט זיך אויס אין אַ גרויסער מאָס אין דער מעגלעכקייט פריי צו רעדן אין דער אייגענער שפּראַך. דאָרט ווו עס הערשט אַ דיקטאַטור ווערן אונטערדריקט די שפּראַכן פון מינדערהייטן. אָט זעען מיר דאָס אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד, ווו עס ווערט דיסקרימינירט קעגן דער יידישער שפּראַך און דער יידישער רעליגיע.

אין אינדיע האָט אַ סטודענט אַפילו זיך פאַרברענט אויף טויט אַלס פּראָטעסט קעגן דער אונטערדריקונג פון אַ דיאַלעקט און קעגן דער פּראָקלאַמירונג פון דער הינדו־שפּראַך אַלס איינציקע אָפיציעלע שפּראַך פון לאַנד. דאָס באַווייזט אויף ווי ווייט אַ שפּראַך איז וויכטיק ביי די מענטשן.

# דער „אייזערנער פאָרהאַנג"

אפילו מחיצה של ברזל אינה מפסקת בין ישראל לאביהם שבשמים — גמ" פסחים דף פ"ח — דאָס הייסט, אַז אפילו אַן אייזערנער פאָר־האַנג קען נישט אָפּטיילן צווישן די יידן און זייער פאָטער אין הימל.

אין גייסט קענען נישט גילטן קיינע שום אייזערנע מחיצות, קיינע שום שטערונגען. דער גייסט איז שטאַרקער פון אַלץ און דרינגט דורך אפילו אייזערנע פאָרהאַנגען.

אונדזער פאָלק ליידט היינט פיל מער פון דעם אייזערנעם פאָרהאַנג ווי אַלע אַנדערע פעלקער און רעליגיעס. אין סאָוויעט־רוסלאַנד דער־לויבט מען נישט די יידן צו האַלטן אָפן זייערע שולן און מען וויל נישט דערלאָזן; אַז די יידן זאָלן קענען דערציען זייערע קינדער אין יידישן גייסט, מען דערלויבט נישט קיינע יידישע און העברעאישע צייטונגען, טעקסט־ביכער און נישט קיינע שום תשמישי קודש. מען דערלאָזט נישט די יידן צו אָרגאַניזירן זייערע רעליגיעזע און קולטורעלע אינס־טיטוציעס און אוודאי נישט, אַז זיי זאָלן קענען אָנהאַלטן אַ פאַרבינ־דונג מיט אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס פון דער פרייער וועלט.

עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דאָס וועלט־געוויסן האָט גענומען צו פּראָטעסטירן קעגן די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע באַגרענעצונגען און רדיפות. די ביטערע לאַגע פון רוסישן יידנטום איז היינט באַקאַנט איבעראַל. די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע פון די קאָמוניסטישע מוש־לים און זייער העצן קעגן מדינת ישראל, זייער אינסצעניזירן די אַזוי גערופענע פּראָצעסן פאַר „עקאָנאָמישע פאַרברעכנס", האָט אויפגערו־דערט אַלע פרייע מענטשן, נישט בלויז יידן.

די באָלשעוויסטישע הערשערס ווילן נישט דערלאָזן, אַז מען זאָל מיט די יידישע קינדער לערנען דעם יידישן אַלף בית. דאָס איז פאַר־באָטן, ווייל זיי פאַרשטייען אַז דאָס איז פאַרבונדן מיט דעם אייביקן

יידישן גייסט. די יוגנט ווערט געוויר, אַז זיי זיינען יידן ערשט פון זייערע פּאַספּאָרטן. אָבער אויב עס איז נישטאָ קיין יידישער חינוך קען קומען אַ טאָג ווען זיי וועלן אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז זיי זיינען יידן. רוס־לאַנד וויל צווינגען די יידן צו פולער אַסימילאַציע און צו נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג אַלס טייל פון יידישן פאָלק. אפילו די שולעס וואָס זיי־נען אויסגעהאַלטן געוואָרן פון די יידישע קאָמוניסטן זיינען אויך פאַרמאַכט געוואָרן. די קאָמוניסטישע הערשערס האָבן מורא אפילו פאַר אַ פונק פון יידישקייט, ווייל זיי ווייסן, אַז דאָרט ווו עס איז נאָך דאָ אַ פונק, קען נאָך אַ יידיש האַרץ ציען צום שורש און צום מקור. אָבער אַמערגסטן גייט עס דער יידישער רעליגיע, ווייל די הערשערס פון רוסלאַנד ווייסן, אַז דער יידישער גלויבן איז דער שטאַרקסטער כוח אין דער אויפהאַלטונג פון יידישן פאָלק.

די סאָוויעטישע רעגירונג האָט געהאַט פאַרבאָטן צו באַקן מצות אויף פסח. איך האַלט, אַז ביי די באָלשעוויסטישע מושלים איז נישט געווען דער עיקר דער פאַרבאָט אויף מצה נאָר בכלל אויף דעם יידישן סדר, ווייל ביי אַ פסחדיקן סדר פרעגט מען דאָך קשיות און די קאָמו־ניסטן קענען נישט טאָלערירן, אַז מען זאָל ביי זיי פרעגן קשיות...

אַזוי איז פאַרשטומט געוואָרן דער קול פון דריי מיליאָן סאָוויע־טישע יידן. זיי קענען אַפילו נישט אויסדריקן זייער אייגענעם פּראָ־טעסט קעגן דער מוראדיקער עוולה וואָס מען באַגייט קעגן זיי. ווי מיט אייזערנע ווענט זיינען די רוסישע יידן איזאָלירט געוואָרן פון דעד ברייטער יידישער וועלט. נאָר דער גייסט אונדזערער און די יידישע תפילות זיינען בכוח צו דורכרייסן דעם אייזערנעם פאָרהאַנג. און מיר דאַרפן בעטן אין די תפילות; וסתור את מחיצת הברזל המפסקת...

מיר דאַרפן מתפלל זיין צו גאָט, אַז ער זאָל העלפן די דריי מיליאָן רוסישע יידן, אונדזערע ברידער און שוועסטער וואָס געפינען זיך אין אַזאַ צרה. מיר מוזן כסדר אַפּעלירן צו דעם געוויסן פון דער וועלט מיט דעם גרויסן כוח פון אונדזער גייסט. מיר מוזן ציען די אויפמערק־זאַמקייט פון דער וועלט צו דעם פיין אין וועלכן עס געפינט זיך דאָס רוסישע יידנטום. פון די טיפענישן פון אונדזער נשמה דאַרפן מיר אויסשרייען אונדזער פּראָטעסט קעגן דעם מוראדיקן פאַרברעכן וואָס דער קאָמוניזם באַגייט קעגן דעם גייסט און דער נשמה פון די רוסישע יידן. מיר מוזן קלאָר מאַכן צו דער וועלט, אַז דער סאָוויעטישער רע־זשים וויל פאַרברענען דעם גייסט פון אונדזערע ברידער און שוועס־

טער אין רוסלאַנד אין אַ מין גייסטיקער קרעמאַטאָריע. דאָס איז גע־גליכן פּונקט ווי מען וואָלט חלילה פאַרברענט די יידישע קערפּערס ווי די נאַציס האָבן דאָס געטאָן, ווייל ביי אונדז איז די נשמה אַ טייל פון אונדזער קערפּער, ווייל מיר זיינען דורכאויס אַ נשמה־פאָלק. מיר קענען נישט דערלאָזן, אַז די רוסישע יידן זאָלן פאַרברענט ווערן אין די אַטעאיסטישע פייערן פון קאָמוניזם. עס טאָר נישט דערלאָזט ווערן, אַז אין די קאַלכאָזיוונס פון גאָטלאָזן באַלשעוויזם זאָלן פאַרברענט ווערן די אידעאַלן פון אונדזער פאָלק און די רעליגיעזע טראַדיציע אונדזערע פון טויזנטער יאָרן. דאָס יידישע פאָלק וועט קיינמאָל נישט אויפגעבן זייך קולטור און טראַדיציע און נישט אונדזער רעליגיע, ווייל מיר זיינען אַ פאָלק וואָס קען לעבן נאָר מיט גייסטיקע אידעאַלן און נישט מיט קיינע אַנדערע. אונדזער תורה איז אַ תורת חיים, אַ תורה פון און פאַר אונדזער לעבן. עס איז נישטאָ פאַר אונדז און עס קען נישט זיין אַ תורה באַזונדער און אַ לעבן באַזונדער, נאָר דורכאויס אַ לעבן לויט די פּרינציפּן פון אונדזער תורה. מיר מוזן דעריבער זיך פאַרלאָזן אויפן רבונו של עולם און רופן צו ג־ט נאָך הילף פאַר אונ־דזערע רוסישע ברידער. מיר מוזן מיט אונדזערע תפילות דורכברעכן דעם אייזערנעם פאָרהאַנג, שטאַרקער פון אייזן און שטאָל. שערי דמעות לא ננעלו. די טויערן פון טרערן וועלן נישט פאַרשלאָסן ווערן פאַר אונדז.

איך האָב מיט אַ שטיקל צייט צוריק באַזוכט רוסלאַנד און איך האָב געזען און געהערט אַלץ וואָס דאָרט קומט פאָר מיט די רוסישע יידן. און דערפאַר בין איך איצט איבערצייגט נאָך מער ווי פריער, אַז מען טאָר נישט שווייגן. מיר מוזן שרייען און פּראָטעסטירן קעגן די רדיפות אויף יידן, ספּעציעל אויפן יידישן דת. מיר מוזן דאָס טאָן וואָס פריער, ווייל דער יידישער ישוב אין רוסלאַנד שטייט ממש אויפן שוועל פון אונטערגאַנג. עס איז אונדזער מאָראַלישע פליכט נישט צו שווייגן.

לא המתים יהללו ה" ולא כל יורדי דומה, שטייט אין תהילים. מיר האָבן איצט צווייערליי יידן: די יידן פון דעם גרוילהאַפטן נאַציס־טישן חורבן וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן מיט אַלערליי מיתות משונות דורך די דייטשן ימח שמם. די יידן זיינען אומגעבראַכט גע־וואָרן אין גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס. די ברידער און שוועסטער אונדזערע קענען שוין מער נישט אויסדריקן זייער לויב צו דעם אויי־בערשטן. איצט האָבן מיר אַ צווייטן סאָרט פון „מתים און יורדי דומה",

די רוסישע יידן וואָס קענען אויך נישט אויסדריקן זייער פאַרלאַנג און זייער דראַנג צו בלייבן באַהעפט מיט דעם יידנטום. דאָס זיינען אויך יידן בבחינת יורדי דומה, זיי זיינען פאַרמשפּט צום שווייגן און צום ליידן אין גייסטיקע קרעמאַטאָריעס...

איך האָב אויסגעפונען בעת מיין באַזוך אין רוסלאַנד, אַז די רוסן זיינען עמפּפינדלעך און פילבאַר צו די פּראָטעסטן וואָס קומען פון דער ברייטער וועלט. ווען זיי ווערן זען, אַז די ברייטע וועלט פּראָטעסטירט קעגן דער גרויסער עוולה וואָס זיי באַגייען קעגן די רוסישע יידן וועלן זיי זיין געצווונגען צו בייטן זייער טאַקטיק. פון פאַראַנטוואָרטלעכע יידן אין רוסלאַנד האָב איך געהערט די פראַגע, נאַטירלעך אין אַ שטי־לער און געהיימער פאָרם: פאַרוואָס שווייגט איר? מען דאַרף דאָך שרייען געוואַלט. מיר זיינען פאַרשטומט און מיר קענען דאָס נישט טאָן, אָבער איר דאַרפט און מוזט עס טאָן פאַר אונדז! ציט דעם געוויסן פון דער וועלט צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אונדזער ביטערער סיטואַציע. קיינער טאָר נישט שווייגן.

דער אייזערנער פאָרהאַנג קען נישט פאַרמאַכן אינגאַנצן דעם גייסט פון דער יידישער תורה וואָס מוז זיך דורכרייסן דורך אַלע שטערונגען. עס דערמאָנט אין דעם ספר „שומרי הגחלת", די היטער פון דער צאנקענדער קויל, וועגן לעבן פון די תורה־טרייע יידן אין רוסלאַנד, וואָס אפילו אונטער די ערגסטע און שווערסטע אומשטענדן באַמיען זיי זיך צו אָפּהיטן די יידישע תורה און צו לערנען די יידישע טראַדיציעס מיט יידישע קינדער. אָבער ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט אונדזער חשובער פריינט הרב ניסן גאָרדאָן: אוודאי זעט זיך און עס ווילט זיך האָפן אויף אַ שטיקל בעסערונג אין דער סיטואַציע, אָבער עס פעלט זיי, די „שומרי הגחלת", אין רוסלאַנד דער באַוווסטזיין, אַז עס ווערט טאַקע בעסער. ווען דאָס ספרל וואָלט געדרוקט געוואָרן אין רוסלאַנד און די מאַכט וואָלט עס דורכגעלאָזט נישט צענזורירט, וואָלט עס געקענט דינען פאַר אונדז ווי אַ באַווייז, אַז עפּעס האָט זיך דאָרט געענדערט צום בעסערן. ליידער האָלט עס דערביי בלויז ביי אַ פּונק,ביי אַ פּונק וואָס צאַנקט און קען אונטערגיין אינגאַנצן אַ ליאָדע טאָג.

די שאלה פון אַ רב וואָס זוכט צו געבן אַן היתר מאה רבנים און קען נישט באַקומען די הונדערט חתימות פון רבנים וואָס זאָלן דעם היתר אונטערשרייבן — אויב אַזאַ שאלה וועט קומען קיין אַמעריקע,

וועט דאָס זיין אַ באַווייז אַז דער אייזערנער פאַרהאַנג איז דורכגע־בראָכן געוואָרן. מען וואָלט געקענט חושד זיין אַזאַ רב אין אינטערנאַ־ציאָנאַלער קאָנספּיראַציע. אָדער די שאלה צי אויב מען פאַרלאַנגט פון די יעווסעקעס, אַז זיי זאָלן אַוועקגעבן צו די יידן איין שול און אַז אויב די יידן וועלן זיי אָפּגעבן איין שול וועלן זיי נישט טשעפּען די אַנדערע. אַזאַ מין שאלה ותשובה איז געוועזן און געוויסע רבנים זיינען געוועזן פאַר און געוויסע זיינען געוועזן קעגן. די שטעלונג פון די רבנים וואָס זיינען געוועזן קעגן האָט זיך באַזירט אויף דער הנחה, אַז מיר אַליין טאָרן נישט צוהעלפן מטמא זיין אַ מקום קדוש. זאָלן די יעווסעקעס דאָס אַליין טאָן.

עס איז אויך געקומען אַ שאלה צי מען מעג קוקן אויפן זייגער פון קרעמל, ווייל דאָרט איז דאָך געוועזן אַ קלויסטער. די תשובה איז געוועזן, אַז מען מעג יאָ קוקן אויפן זייגער א. א. וו.

זייענדיק אין רוסלאַנד האָב איך אָפּגערופן אַ רב דורכן טעלעפאָן און איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וויל רעדן מיט אים. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער איז קראַנק. האָב איך אים געזאָגט אַז איך וויל קומען אים באַזוכן, מבקר חולה זיין, האָט ער מיר געזאָגט, אַז בעסער נישט, ווייל ער איז ערנסט קראַנק. זעען מיר דערפון וואָס פאַרא קראַנקייט עס באַפאַלט די רבנים אין רוסלאַנד. מען טאָר זיי אַפילו נישט באַזוכן אין דער היים. ווי טיף טראַגיש דאָס איז. אַ רב אין רוס־לאַנד טאָר נישט אויפנעמען קיין אַנדער רב וואָס קומט פון דער יידי־שער וועלט און רעדן מיט אים. דאָס איז אַ געפיל פון אַ יושב בבית אסורים.

די לאַגע פון דעם רוסישן יידנטום איז הימלשרייענד. דאָס גאַנצע יידישע גייסטיקע לעבן ווערט פאַרשוווּנדן דער גאַנצער יידישער חינוך איז שוין פון לאַנג פאַרשווּנדן געוואָרן. די יידישע רעליגיע ווערט אין רוסלאַנד דיסקרימינירט פיל מער ווי די אַנדערע רעליגיעס. לויט דער סאָוויעטישער קאָנסטיטוציע האָבן אַלע רוסישע בירגער געוויסע רעכט, אָבער נישט די יידישע מינדערהייט און נישט די יידישע אמונה. עס איז נישטאָ קיין אָרגאַניזירטע קהלה, נישט קיין שום יידישע סאָ־ציאַלע אָדער וואוילטעטיקע אינסטיטוציע, נישט קיין יידישער מוסד פון רעליגיעזן כאַראַקטער — גאָרנישט. די עטלעכע שולן וואָס די סאָוויעטישע רעגירונג דערלויבט די רוסישע יידן זיינען פאַקטיש און אין דער אמתן נישט קיין שולן צום דאַוונען, נאָר איך וואָלט זיי אָנ־

גערופן „מוזעאום־שולן". די רוסישע רעגירונג האַלט אויף די שולן כדי צו ווייזן די אויסלענדישע טוריסטן, אַז אין רוסלאַנד דערלויבט מען דאַווענען די יידן „פריי"... מען טאָר נישט דרוקן קיין סידור און נישט קיין לוח.

אין קיעוו איז דאָ דער טראַגישער טויט־אָרט „באַבי יאַר" ווו די נאַציס האָבן אויסגעשאָסן 100 טויזנט רוסישע יידן. איך האָב באַזוכט דעם פּלאַץ און געפרעגט צי מען מעג לייגן בלומען אויף דעם יידישן מאַסן־קבר. דער ענטפער איז געווען, אַז ניט. זייענדיק אין לענינגראַד ביי דעם מאָנומענט פאַר דעם אומבאַקאַנטן סאָוויעטישן זעלנער, האָב איך אויך געפרעגט צי מען מעג דאָרט לייגן בלומען און דער ענטפער איז געווען, אַז יאָ. און איך האָב דאָרט געזאָגט, אַז אויב מען דער־לויבט מיר נישט צו לייגן בלומען ביי דעם מאַסן־קבר פון מיינע אומ־געבראַכטע ברידער און שוועסטער אין באַבי יאַר, קען איך אויך נישט לייגן בלומען אונטער דעם מאָנומענט אין לענינגראַד...

אַ גרויסער תלמיד חכם האָט מיר געפרעגט אין לענינגראַד „התחיינה העצמות האלה?", צי וועט נאָך זיין מעגלעך צו אויפלעבן צוריק די דאָזיקע פּאַרטריקנטע ביינער פון דעם רוסישן יידנטום. און מיין ענט־פער איז געווען, אַז נאָר „ה' אלקים אתה יודע", נאָר דער רבונו של עולם אין הימל קען דאָס וויסן, נאָר ער קען העלפן, אַז דער נס זאָל געשען. די השגחה עליונה קען העלפן. די הילף פאַרן רוסישן יידנטום קען קומען נאָר מן השמים. און איך האָב דערמאָנט די גמרא פסחים וועגן דער מחיצת הברזל: אפילו מחיצה של ברזל אינה מפסקת בין ישראל לאביהם שבשמים". דורך תשובה און תפילה וועלן מיר קענען ראַטעווען די רוסישע יידן, וואָס געפינען זיך אין אַזאַ גרויסער צרה. מיר טאָרן נישט ווערן מיד צו רופן און אַפּעלירן פאַר רעליגיעזער פרייהייט, וואָס דאָס איז דער יסוד פון פונדאַמענט פון יידישן לעבן.

מיר דאַרפן כסדר אַפּעלירן צו די סאָוויעטישע מושלים און זאָגן זיי „שלח את עמי", שיקט אַרויס מיין פאָלק, אויב די יידן טויגן נישט פאַר רוסלאַנד, טאָ זאָל זי זיי אַרויסשיקן און מיר וועלן זיי אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס.

ווען מיר האָבן געקוקט אויפן הרב לעווין אין מאָסקווע האָבן מיר געזען אין זיין פנים און אין זיינע אויגן דעם גאַנצן טראַגישן חורבן פון זיין עדה, פון די רוסישע יידן. ער רעדט נישט קיין וואָרט, ער שווייגט, אָבער זיין שווייגן רעדט מער ווי די גרעסטע דרשה. דאָס איז

אַ שווייגן וואָס רייסט ביים האַרצן און מיר טראַכטן דערביי, ווען מיר זעען אים, וועגן די ווערטער פון ירמיה הנביא: מי יתן ראשי מים ואבכה על חורבן עמי...

אין לענינגראַד האָט מיר אַ וויכטיקער ייד געזאָגט: פאַרוואָס שטייט אין דער גמרא, אַז ווען מען צערייסט אַ ספר תורה דאַרף מען רייסן קריעה צוויי מאָל, איין מאָל פאַר דעם כתב און איינמאָל פאַר דעם פארמעט? און ווען אַ גוי צערייסט די ספר תורה, שטייט אין גמרא, אַז מען דאַרף רייסן קריעה בלויז איין מאָל? דער תירוץ איז, אַז ווען אַ פרעמדער צערייסט אונדזער תורה איז גענוג בלויז איין מאָל קריעה, ווייל דאָס איז נאָך נישט אַזוי טראַגיש. פיל ערגער און טראַגישער איז אָבער, ווען אַן אייגענער, אַ ייד נעמט און צערייסט די ספר תורה.

אונדזער פחד דאַרף זיין פיל גרעסער פאַר די אייגענע אונדזערע וואָס צערייסן די ספר תורה. אָט דערפאַר איז די לאַגע פון די רוסישע יידן פיל ערגער און געפערלעכער ווי מיר שטעלן זיך דאָס פאָר.

די ליובאַוויטשער חסידים האָבן מיט אויסערגעוויינלעכן מוט און מסירת הנפש באַמיט זיך צו אָנהאַלטן פונקען פון ריינער יידישקייט אין דעם ים פון כפירה און שמד. ווען דער ליובאַוויטשער רבי איז אַרויס פון דער סאָוויעטישער טורמע האָט ער געזאָגט זייער ריכטיק, אַז קאטאָרגע און טורמעס זיינען נישט מער ווי אַ צייטווייליקע זאַך, אין דער צייט ווען אונדזער תורה און מצוות זיינען אויף שטענדיק, אויף אייביק.

מיר מוזן אַרבעטן מיט אַלע אונדזערע כוחות, מיט פיל מסירת נפש, מיר מוזן אויך גוזר תענית זיין און מיט תפילות צו דעם רבונו של עולם בעטן פאַר די רוסישע יידן. לאָמיר האָפן, אַז דאָס אַלץ — צו־זאַמען מיט דעם אַפעלירן צו דעם געוויסן פון דער וועלט — וועט האָבן אַ פעולה און די רוסישע יידן וועלן געהאָלפן ווערן במהרה בימינו.

# די הייליקייט פון פאַמיליע־לעבן

דער יסוד פון אַ געזונטער און מאָראַליש־קרעפטיקער געזעלשאַפט ליגט אין טהרת המשפחה, די ריינקייט פון פאַמיליע־לעבן און פון דער היים בכלל.

די פאַמיליע־אינסטיטוציע איז די עלטסטע פון דער וועלט און די ערשטע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. שוין אין די אוראַלטע און גאָר פרימיטיווע צייטן, ווען דער מענטש האָט נאָך געשטעלט די ערשטע אומזיכערע שריט אין זיין אַנטוויקלונג, האָט מען שוין פאַר־שטאַנען, אַז גם צפור מצא בית, אַז דער סאַמע פונדאַמענט פון דער משפחה דאַרף זיך געפינען אין אַ היים, אין אַ געפלאָכטענעם צווייג פון די ביימער אין די וועלדער. חיות האָבן אויך זייערע היילן און פייגל האָבן זייערע נעסטן. אָבער ביי זיי איז דאָס בלויז דער ריינער אינס־טינקט. ביי די מענטשן אָבער איז דאָ דערביי אויך דער דראַנג פון דער נשמה, פון חלק אלקי ממעל. דאָס איז די קראַפט וואָס דערלויבט דעם מענטשן צו איינשפּאַנען צו זיין דינסט די כוחות פון דער נאַטור. אַזוי ווערט ער געהאָלפן אין דעם קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ אויף דער ערד. דער מענטש קען אויך צוימען די חייהשע אינסטינקטן וואָס געפינען זיך אין אים און זיי צו אויסנוצן פאַר העכערע צילן אין לעבן.

טראָץ דעם וואָס דער מענטש האָט שוין באַוויזן צו מאַכן אַ גרויסן מהלך אין זיין אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, אין דער הינזיכט פון טעכניק און ציוויליזאַציע, איז ער אָבער נאָך אַלץ פאַרבליבן אין אורוואַלד מיט זיינע אינסטינקטן. אויף דעם געביט איז דער מענטש נאָך ווייט נישט אויסגעלייטערט. די מענטשן האָבן זיך באַוויזן צו דערהויבן צו גרויסע הויכן פון מעכאַנישער ציוויליזאַציע, פון טעכנישער קולטור, אָבער עס זיינען נאָך אַלץ פאַרבליבן ביי זיי די פינצטע אינסטינקטן פון די אַמאָליקע אור־צייטן.

אברהם אבינו איז געווען דער ערשטער מענטש וואָס האָט באַלויכטן די וועלט מיט זיין ריינער און עטישער ג־ט דערקענטעניש, מיט מאָראַלישע און עטישע ווערטן, וואָס קענען דערהויבן דעם מענטשן צו גאָר אַ הויכער שטופע אין זיין נשמה... ער האָט אויפגעוועקט דעם גייסטיקן געוויסן אין דער מענטשלעכער נשמה און פאַרטריבן די פאַגאַנישע פינצטערניש. ער איז געווען דער ערשטער צו נעמען שפּי־נען דעם גאָלדענעם פאָדים פון אַ שענערער וועלט, אַ געטלעכער וועלט, אַ וועלט וואָס זאָל זיך באַזירן אויף יושר, מאָראַל און גייסטיקייט. ער האָט אָפּגעטיילט די צוויי הויפּט־פונדאַמענטן פון אַ מענטשלעכער פירונג בין אדם למקום און בין אדם לחברו.

די חז״ל זאָגן, אַז ג־ט האָט אַרומגעטראָגן די תורה צו אַלע פעלקער פון דער אַלטער וועלט, אָבער זיי האָבן איר נישט געוואָלט אָנעמען. זיי האָבן געפרעגט: וואָס שטייט אין דער תורה? און ווען ג־ט האָט זיי גע־זאָגט, אַז דאָרט שטייט „לא תרצח״ און „לא תנאף״, האָבן זיי נישט געוואָלט הערן דערפון, ווייל דאָס איז געווען קעגן זייערע פירונגען. זיי האָבן געמיינט, אַז אַזעלכע פאַרבאָטן זיינען גאָר קעגן דער נאַטור. אָבער די יידן זיינען געווען די איינציקע וואָס האָבן גאָרנישט געפרעגט, נאָר גלייך געזאָגט „נעשה ונשמע״. די יידן האָבן געוואָלט זיך הייליקן און אָנעמען ג־טס תורה, כדי צו זיין אַן אויסדערוויילט פאָלק. זיי האָבן געוואָלט זיך הייליקן אין די קוואַלן פון דער תורה.

אונדזער תורה האָט חלילה נישט געוואָלט אָוועקנעמען דעם מענטשן פון לעבן, נאָר פאַרקערט: אים לערנען ווי אַזוי צו פירן אַ געזונט און ריין לעבן. אפילו דער אינסטינקט פון רעגענעראַציע, פון פאָרזעצן דאָס מענטשלעכע לעבן דורך הייראַט און האָבן קינדער איז אין דער תורה רעגולירט נישט בלויז כדי צו שאַפן אַ צוזאַמענ־לעבן צווישן אַ מאַן און אַ פרוי, נאָר כדי צו הייליקן די וויכטיקע אינס־טיטוציע פון אַ געזונטן און ריינעם פאַמיליע־לעבן. ביתו זה אשתו, אַ געהייליקטע היים, אַ נאָרמאַל און געזונט צוזאַמענלעבן מיט אַ פרוי, ברענגט צו גליק און קדושת המשפחה. ווען עס איז דאָ קדושת המשפחה, ווען די קינדער ווערן געבוירן דורך קדושה, דאַן איז זייער שטאַרק און געזונט דער גייסט פון די קינדער.

ווען די יידישע פרוי היט אָפּ אַלע דינים פון טהרת המשפחה, די געהעריקע סאַניטאַרע דינים און לייגט אַכט אויף דער אומריינער צייט, ווי דאָס איז אָנגעגעבן אין אונדזער שולחן ערוך, און אויף דעם

פראָבלעם פון ריינקייט — ברענגט דאָס גליק אין דער משפחה און גליק אין דעם צוזאַמענלעבן צווישן מאַן און פרוי. אַן דעם זיינען די אינטימע באַציאונגען נישט מער ווי דער אויסדרוק פון חייהשע אינס־טינקטן און קיין שיינער און געזונטער דור קען דערפון נישט אַרויס־קומען.

די גמרא, אין נדה (ד" ל"א) ברענגט: תניא הי" ר"מ אומר מפני מה אמרה תורה נדה לשבעה? מפני שרגיל וקץ בה אמרה תורה טמאה שבעה ימים כדי שתהא חביבה על בעלה כשעת כניסתה לחופה. דאָס הייסט, אַז דורכן אָפּהיטן און אנערקענען די אומריינקייט פון דער צייט פון נדה, דערגרייכט דער מאַן די ריינקייט פון אמתדיקער ליבשאַפט צו דער פרוי, פונקט ווי די ליבשאַפט פון חתן־כלה נאָך דער חופה.

עס וואָלט געווען זייער ווינטשנסווערט, אַז אונדזערע מאָדערנע פרויען און מענער, וועלכע לאַכן זיך אויס פון די דינים פון תלמוד און פון טהרת המשפחה, זאָלן זיך אַ ביסל פאַרטראַכטן אין די וווּנדער־באַרע באַשטימונגען פון פאַמיליע־פּראָבלעם וואָס די תורה אַנטהאַלט. זיי וואָלטן דאַן דערזען קלאָר, אַז די אורזאַך פון זייער פיל פאַמיליע־טראַגעדיעס ליגט טאַקע אין דעם „מפני שרגיל קץ בה"... ווייל דאָס צוזאַמענלעבן איז געוואָרן אַ געוויינלעכער און וואָכעדיקער מאָמענט, עס פעלט די ליבשאַפט, דער ריינער ראָמאַנטישער מאָמענט, די טיפע קעגנזייטיקע ליבע און פאַרערונג וואָס מאַן און ווייב דאַרפן האָבן איינער צו דעם אַנדערן, כדי צו קענען פירן אַ גליקלעכן און האַר־מאָנישן פאַמיליע־לעבן.

איינער אַ באַרימטער פסיכאָלאָג האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אַמאָל האָבן מאַן און ווייב געהאַט אַ „האָנימון" (האָניק־חודש נאָך דער חתונה) יעדן חודש... די פרוי איז געווען באַליבט און פריש ביי דעם מאַן, פונקט ווי אין דעם טאָג פון זייער חופּה. אָבער אין די היינטיקע צייטן איז דער „האָנימון" נישט מער ווי דעם ערשטן חודש נאָך דער חתונה און אַמאָל נאָך פיל ווייניקער... און טאַקע דעריבער איז דער שלום בית אַזוי צעבראָכן צווישן די מאָדערנע פאַרפעלקער.

די מאָדערנע סאָציאָלאָגן און פסיכאָלגן זאָגן, אַז די סיבה פון אַזוי פיל גטן איז טאַקע „מפני שרגיל וקץ בה", ווייל מאַן און ווייב זיינען צו אָפט און צו נאָענט צוזאַמען. די דאָזיקע וויסנשאַפטלער ראָטן, אַז כדי צו מאַכן דאָס פאַמיליע־לעבן גליקלעכער און האַרמאָנישער איז

נייטייק, אַז מאַן און ווייב זאָלן זיין אָפּגעזונדערט איינער פון דעם אַנדערן געוויסע צייטן.

אָבער די יידישע תורה פון טהרת המשפחה האָט דאָס שוין דערקלערט מיט טויזנטער יאָרן צוריק. שוין דאַן האָבן אונדזערע חז"ל אָנגעוויזן, אַז דאָס אמתע גליק אין פאַמיליע־לעבן קען דערגרייכט ווערן נאָר דורך אָפּהיטן די פרינציפּן פון קדושת המשפחה. און קדושת המשפחה איז ענג פאַרבונדן מיט טהרת המשפחה. נאָר אַ ריין און אָפּגעהיט פאַמיליע־לעבן קען שאַפן אַ גליקלעכן לעבן פאַר דעם מאַן און דער פרוי און אויך פאַר זייערע קינדער.

# די יידישע ישובים פון לאַטיין־אַמעריקע און זייערע פּראָבלעמען

אין די ישובים פון לאַטיינאַמעריקאַנער קאָנטינענט לעבן ב"ה אַרום אַכט הונדערט טויזנט יידן. דאָס איז היינט צו טאָג אַ ציפער, מיט וועלכער די יידישע וועלט מוז זיך רעכענען, נאָך דעם טראַגישן און גרוילהאַפטן חורבן פון איינגעפונדעוועטע יידישע ישובים פון דער אַלטער וועלט און דעם אומקום פון מיליאָנען יידן. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אַז אין אַרגענטינע לעבן פינף הונדערט טויזנט יידן. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אין לאַטיינאַמעריקע געפינט זיך דער פערט־גרעס־טער יידישער ישוב, נאָך די פאַראייניקטע שטאַטן, רוסלאַנד און מדינת ישראל.

אָבער ליידער פאַרנאַכלעסיקן מיר די דאָזיקע יידישע ישובים פון לאַטיינאַמעריקע. יידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, איבערהויפּט פון נאָרד־אַמעריקע, פאַרגעסן אָפטמאָל ווי וויכטיק עס איז צו שענקען אויפמערק־זאַמקייט די יידן פון לאַטיינאַמעריקע. מיר וואָלטן דעריבער געדאַרפט האָבן אַ געפיל פון אחריות פאַרן גורל פון די קליינע און איינזאַמע ישובים און זיך דערנענטערן מער צו זיי. מיר מוזן זיך אָנשטרענגען מיט אַלע מעגלעכקייטן צו אַרויסהעלפן די קלענערע און שוואַכע ישו־בים פון לאַטיינאַמעריקע אין זייער קאַמף פאַר קיום און המשך אין יידי־שן וועלט־פאָלק. זיי אַליין זיינען ליידער צו שוואַך צו קענען מיט דערפאָלג קעמפן פאַר זייער גייסטיוער עקזיסטענץ. מיר מוזן אויס־שטרעקן צו זיי אונדזער ברידערלעכע האַנט.

יעדער קליינער יידישער ישוב — אָן אונטערשייד ווי גרויס אָדער ווי קליין עס זאָל ניט זיין די צאָל פון זיינע תושבים — דאַרף זיין פאַר

אונדז ווי אַ פּערל אין דער אַלטער יידישער קרוין פון אייביקייט. מיר דאַרפן טאָן אַלצדינג כדי צו שטאַרקן די דאָזיקע ישובים און צוגעבן זיי מוט צו ווייטערדיקן אויסדויער. נישט וויכטיק איז די נומערישע צאָל פון די יידן וואָס וווינען, צוםביישפּיל, אין צענטראַל־אַמעריקע. אַט זעען מיר דאָך, אַז אפילו די אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס, די אָנו, רעכנט זיך מיט יעדער שטימע אפילו פון סאַמע קלענסטן און שוואַכסטן לענדל פון דער וועלט. אויך מיר דאַרפן אַזוי האַנדלען. אפילו אַ קליינער און שוואַכער שבט פון אונדזער פאָלק דאַרף דורך אונדז באַטראַכט ווערן ווי אַ גרויסער קהל מיט וועלכן מיר דאַרפן זיך רעכענען.

מיר איז אויסגעקומען עטלעכע מאָל צו באַזוכן כמעט אַלע יידישע ישובים פון לאַטיינאַמעריקע, סיי די וואָס געפינען זיך אין צענטראַל־אַמעריקע און סיי די וואָס געפינען זיך אין דרום־אַמעריקע, און איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו אָפּהאַלטן באַראַטונגען מיט די פירער פון די ישובים, מיט זייערע רבנים, גייסטיקע פירער, מיט זייערע מדריכים און רעפּרעזענטאַנטן. אומעטום קען מען הערן איין רוף, וואָס קלינגט זייער דראַמאַטיש: העלפט אונדז, שיקט אונדז רבנים, יוגנט־פירער, אינסטרוקטאָרן, לערער א. א. וו. לײדער איז זייער רוף נישט דערהערט געוואָרן ווי געהעריק ביז איצט. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ פון אונדזער מרכז הרבנים פון לאַטיינאַמעריקע און פון וועד הקהילות החרדיות אין באָגאָטאַ, קאָלאָמביאַ, און דאָרט האָבן מיר זיך באַמיט צו טאָן אַלדאָס מעגלעכע פאַר די קליינע יידישע ישובים פון לאַטיינאַמעריקע. דער גרויסער יידישער ישוב פון די פאַראייניקטע שטאַטן קען דאָס נישט טאָן, לײדער, צוליב פאַרשידענע שוועריקייטן, אָבער דערפאַר ליגט דער חוב אויף אונדז, אויף די גרעסערע ישובים פון לאַטיינאַמעריקע גופא און איז דער ערשטער רייע אויף אַרגענטינע אין דרום און אויף מעקסיקע — אין צפון־טייל פון דעם קאָנטינענט.

פון אַלע זייטן האָט מען אונדז געבעטן רבנים, לערער, אינסטרוקטאָרן פאַר דער יוגנט און אַנדערע גייסטיקע פירער. מיר האָבן נישט געקענט צוזאָגן קאָנקרעט, אַז מיר וועלן זיי שיקן בעלי מסירת נפש, מענטשן וואָס זאָלן זיין גרייט פּשוט זיך צו מוסר נפש זיין פאַר דער שיינער אידייע פון העלפן יידן אויסלעבן זיך גייסטיק אין אַ געזונטער יידישער אַטמאָספער. מיר האָבן נישט געקענט צוזאָגן צו שיקן בעלי

מסירת נפש (נישט נאָר דאַרפן מיר האָבן מסירת הגוף — פלעגט זאָגן דער ליובאַוויטשער רבי זצ"ל — נאָר אויך מסירת הנפש) ווייל עס איז גאָרניט אַזוי לייכט צו געפינען פּאַסיקע מענטשן פאַר אַזאַ וויכ־טיקער און היילקער אויפגאַבע. מיר ווייסן דאָך, אגב, אַז דער נפש וועט דאַרפן אונטערליידן אַ ביסל ביי די מענטשן וואָס וועלן זיך מוסר זיין פאַר דער אַרבעט אין די לענדער, צוליב אַ גאַנצער רייע אומ־שטענדן, אָבער מיר ווילן האָפן, אַז מיט דער צייט וועלן מיר געפינען די ריכטיקע מענטשן.

ספרים ליגן און וויינען — האָט זיך אויסגעדריקט ד"ר ישראל גאָלדשטיין נאָך זיינעם אַ באַזוך אין שוועדן. איך דערלויב מיך צו צוגעבן אויך: קינדער ליגן און וויינען. זייערע אומשולדיקע נשמות וויינען, ווייל זיי ווערן אָפּגעפרעדמעט פון אַ ידישער אַטמאָספער און פון דעם ידישן גייסט. אונדזערע ספרים וועלן אויפהערן צו וויינען, ווען אונדזער יוגנט און אונדזערע קינדער וועלן אָנהייבן אַריינקוקן און מעיין זיין אין זיי.

זייער אַן אַנעמיש ידיש לעבן האַלט אָן אין קליינע ידישע ישובים פון צענטראַל־אַמעריקע, ווי האָנדוראַס, ניקאַראַגואַ, סורינאַם, קוראַ־סאַאָ און אַנדערע. קיין פרישע גייסטיקע כוחות קומען נישט צו דאָרטן און די ידן פאַרלירן מיט דער צייט אפילו דעם אינטערעס צו שטאַרקן זייער געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן. מיר מוזן אונטערקומען דרינגנד מיט הילף פון דרויסן, איידער עס זאָל חלילה זיין צו שפּעט.

ליידער קומט נישט צו קיין נייער שטראָם פון ידישע אימיגראַנטן אין די לענדער. גאַנץ צענטראַל־אַמעריקע איז פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער פאַר ידישער אימיגראַציע און אויסער דעם זיינען דאָרטן נישטאָ די אָביעקטיווע באַדינגונגען וואָס זאָלן צוציען נייע ידישע וואַנדערער. אפילו אין מעקסיקע, וווּ מיר האָבן אַזאַ מוסטערהאַפטן און גוט־אָרגאַניזירטן ידישן לעבן, פילט זיך זייער שטאַרק אָט דער מאַנגל אין נייע ידישע כוחות פון דער ברייטער וועלט. אַ דור גייט אַוועק און קיין נייער דור קומט נישט אויף זיין אָרט. מען קען דאָ נישט אָנווענדן דעם פּסוק פון „וזרח השמש ובא השמש". טאָמער שטאַרבט, חלילה, אַ געזעלשאַפטלעכער עסקן, אָדער אַ קולטור־טוער, איז ליידער נישטאָ ווער עס זאָל פאַרנעמען זיין ליידיקן פּלאַץ.

אין די ישובים וווּ עס איז פאַראַן אַ ידישער חינוך, איז ער ליידער נישט ריכטיק אַוועקגעשטעלט געוואָרן. עס פעלן אין דעם חינוך די

הויפּט־יסודות פון גייסטיקן יידישן קיום. מען רעדט זייער פיל פון יידיש און ידיש, אָבער עס פעלט אַ געזונטע יידישקייט און דאָרט ווו עס פעלט יידישקייט, פעלט ממילא אויך די יידישע שפּראַך. עס איז זייער טרויעריק ווען מיר זעען די רעזולטאַטן פון איבער 40 יאָר יידי־שער חינוך אין מעקסיקע. די ווייט־גרעסטע מערהייט פון די קינדער קען נישט רעדן קיין יידיש קאָרעקט, און ווער רעדט שוין וועגן עפּע־נען אַ סידור און דאַווענען אין אַ בית תפילה... אונדזער אַלטער דור איז כאָטש געקומען פון אַ יידישער היים, ווו די שפּראַך איז געווען אַ יידי־שע און ווו די מנהגים און טראַדיציעס זיינען געווען דורכאויס יידישע, אָבער וואָס וועט זיין מיט אונדזער נייעם דור? דאָ איז ליידער נישטאָ קיין באַזע פאַר דער יידישער שפּראַך און נישט פאַר געזונטער יידישקייט.

מיר האָבן דעריבער נישט קיין אַנדער ברירה ווי נאָר צו שאַפן אַ געזונטן גייסטיקן יידישן לעבן, דורך דערציען אונדזער יונגן דור אין גייסט פון ישראל סבא, אין אמתן יידישן גייסט, דורך גרינדן ישיבות, ווו אונדזערע קינדער וועלן קענען לערנען דעם גאַנצן אוצר התורה און אויך לערנען ווי אַזוי צו קענען זיין גוטע יידן און גוטע מענטשן. אין אונדזערע ישיבות וועט יידיש מיט יידישקייט גיין האַנט ביי האַנט. מיר האָבן שוין גענומען די ערשטע שריט אין דער ריכטונג פון איינפלאַנצן טראַדיציאָנעלע יידישקייט אין די ישובים פון לאַטיינ־אַמעריקע. פאַר דעם צוועק האָבן מיר געשאַפן דעם מרכז הרבנים און דעם ועד הקהילות, כדי צו קענען בעסער אָרגאַניזירן די טראַדי־ציאָנעלע יידן און צו דערמעגלעכן זיי צו קעמפן מיט דערפאָלג פאַר אונדזער גייסטיקן קיום אין רוח התורה והמסורה. אונדזער אַרבעט איז פּאַקטיש ערשט איצט אָנגעפאַנגען געוואָרן. מיר ווייסן, אַז זי וועט נישט זיין קיין לייכטע און דאַנקבאַרע, ווייל זייער פיל שטרויכלונגען און שטיינער וועלן ליגן אויף אונדזער וועג. אָבער מיר זיינען דעצי־דירט צו אָנגיין ווייטער מיט דער הייליקער אַרבעט. מיר מוזן אַרויס־לאָזן אַן אַפּיל צו אַלע גרויסע יידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, צו די אָרגאַניזירטע יידישע קערפּערשאַפטן פון לאַטיינאַמעריקע, צום גאַנצן אַמעריקאַנער יידנטום בכלל, מיר דאַרפן רופן, מאָנען און וועקן יידן, ווייל מיר קענען נישט איבערלאָזן אויף הפקר אַכט הונדערט טויזנט יידן כ״י. נאָר דורך ענערגישע און שטאַרקע מעשים וועלן מיר קענען

ה ר ב  א ב ר ה ם  ה ע ר ש ב ע ר ג

העלפן די קליינע ישובים און פאַרזיכערן זייער יידישן פּרצוף פּנים אויך אויף להבא. דאָ וועלן נישט העלפן קיינע שום קרעכצן. מען מוז צוגיין מיט קאָנקרעטע מעשים און געפינען אַ לייזונג.

# פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון יידישקייט אין די קליינע ישובים פון צענטראַל־אַמעריקע

מען האָט לעצטנס אָנגעהויבן צו רעדן זייער פיל אין די יידישע קרייזן, סיי אין מדינת ישראל און סיי אין דער ברייטער יידישער וועלט, וועגן דעם גורל פון קליינע און עלנטע יידישע ישובים, וואָס ראַנגלען זיך שווער פאַר זייער נאַציאָנאַל־קולטורעלער פיזיאָנאָמיע און פאַר דער יידישער דערציאונג פון זייערע קינדער. אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט זיינען פאַראַן אַרום צען קליינע יידישע ישובים, צווישן מעקסיקע און דרום־אַמעריקע, וואָס געפינען זיך אין נישט קיין פריילעכער לאַגע, אין נאַציאָנאַל־גייסטיקן זין גערעדט. הגם עקאָנאָמיש גייט זיי דערוויל — הלוואי ווייטער — ניט שלעכט, מיט דעם איינציקן אויסנאַם פון קובאַ, דווקא פון דעם גרעסטן און ביז איצט וויכטיקסטן יידישן ישוב פון צענטראַל־אַמעריקע.

אָבער אין דער צייט ווען אַנדערע רעדן בלויז און לאָזן פאַלן אַ טרער אויפן גורל פון די פאַרוואָרלאָזטע יידישע ישובים און פון דער יידישער יוגנט אין צענטראַל־אַמעריקע וואָס וואַקסט אויף הפקר, איז געקומען דער היגער רב אברהם מ. הערשבערג, גייסטיקער מנהיג פון דער שול אין „פאַלאַנקאָ" אין דער מעקסיקאַנער הויפט־שטאָט און ראש פון אַ ניי־געגרינדעטער ישיבה פאַר מעקסיקע און צענטראַל־אַמעריקע, און באַשלאָסן צו טאָן עפּעס ממשותדיקעס און קאָנקרעטעס.



די רבנים פון מעקסיקע באַטייליקן זיך אין דער פֿייערונג פֿון דעם גרונטשטיין לייגן פון פּאָלאַנקאָ־שול. פון לינקס הרב אברהם מ. הערשבערג, הרב דוד ראפאלין, הרב יעקב אביגדור, הרב מאיר ראָזענ־בוים, הרב אברהם שלם (ספרדי), הרב צדקה הררי (ספרדי) און הרב יעקב גאָלדבערג.

**דער רב הערשבערג איז אין מעקסיקע זייער שטאַרק טעטיק אויף פּאַר שידענע רעליגיעזע און קולטורעלע געביטן צו מעורר זיין יידן און דער יידישער יוגנט און קעמפן קעגן די לויערנדיקע סכנות פון אַסימילאַציע און עם האַרצישער גראָבקייט. הרב הערשבערג האָט צוזאַמען מיט דער אגודת הרבנים פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, וואו ער איז וויצע פּרעזידענט (ער איז פריער געווען רב אין שיקאַגאָ) אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן צו אָפּהאַלטן אַ קאָנפערענץ אין פּאַנאַמע, כדי צו שטודירן געמיינזאַם מיט אַלע רבנים און רעליגיעזע עסקנים פון די צענטראַל־אַמעריקאַנער קליינע ישובים די געעריקע וועגן און מיטלען פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון רעליגיעזער יידישקייט און נאַטירלעך אויך פון יידישער טראַדיציאָנעלער דערציאונג ביי דעם יונגן דור. די קאָנפערענץ איז שוין דורכגעפירט גע־**

וואָרן אין די ערשטע טעג פון חודש יאַנואַר 1962 און מיר האָבן שוין פאַר זיך דעם טעקסט פון די רעזאָלוציעס וואָס זיינען אויף איר אָנגעקומען געוואָרן, ווי אויך אַ גענויעם באַריכט וואָס דער חשובער רב הערשבערג האָט אונדז איבערגעגעבן.

איידער די קאָנפערענץ איז דערעפנט געוואָרן אין פאַנאַמאַ האָט דער רב הערשבערג דורכגעפירט אַ טור איבער די קליינע יידישע ישובים פון צענטראַל־אַמעריקע, כדי צוצוגרייטן אַ געהעריקע באַטייליקונג. ער איז געווען אין גואַטעמאַלאַ, סאַלוואַדאַר, האָנדוראַס, ניקאַראַגואַ, קאָסטאַ ריקאַ און פאַנאַמאַ. אין די אַלע ישובים איז ער געקומען אין קאָנטאַקט מיט די גייסטיקע מדריכים פון די קליינע יידישע ישובים און געקריגן פון זיי די פאַרזיכערונג, אַז אָדער זיי וועלן קענען קומען פערזענלעך צו דער קאָנפערענץ, אָדער זיי וועלן סאָלידאַריש



דאָס גרונטשטיין לייגן פון דער שול „בית יצחק דפולנקו" ע״י הקהלה נדחי ישראל פון מעקסיקע. עס באַטייליקן זיך הרב מ. הערשבערג, יצחק מאיר ווייסבורד, יוסף גאָכמאַן, הרב יוסף בלומענפעלד פון תל אביב (ז״ל) און חשובע מיטגלידער פון דער קהלה.



ר׳ יצחק־מאיר ווייסבורד, ערשטער פרעזידענט פון דער שול „בית יצחק" אין פאַלאַנקאַ, קריגט אַ דיפּלאָם פאַר זיין ענערגישער טעטיקייט פון הרב אברהם מ. הערשבערג

שטיצן אַלע באַשלוסן און רעזאָלוציעס וואָס ווערן אָנגענומען ווערן. הרב הערשבערג איז אין די קליינע ישובים שוין געווען באַקאַנט פון פריער, פון זיינע פריערדיקע וויזיטן. אויסער דעם איז ער אַ פּערזענלעכער פריינט פון די רבנים און גייסטיקע פירער פון די קליינע געמיינדעס, מיט וועמען ער האַלט אָן זינט יאָרן פּערזענלעכע פאַרבינדונגען.

אַלס ערשטער פּרווו איז די קאָנפערענץ פון פּאַנאַמאַ געווען זייער אַ געלונגענער עקספּערימענט, וואָס האָט אויסער אַלעמען געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג נישט בלויז אין צענטראַל־אַמעריקע, נאָר אויך אין די פּאַראַייניקטע שטאַטן און מדינת ישראל, פון וואַנען עס זיינען דערהאַלטן געוואָרן וויכטיקע אָנשלוסן און באַגריסונגען צו דער אסיפה. די דערעפענונג־סעסיע איז דורכגעפירט געוואָרן אין זאַל פון ספרדישן טעמפּל „שבת אחים" אין פּאַנאַמאַ ווו דער גייסטיקער מנהיג איז דער באַקאַנטער ספרדישער רב ר׳ ציון לוי. עס האָבן זיך באַטייליקט דע־

לעגאַציעס פון מעקסיקע, גואַטעמאַלאַ, קאָסטאַ ריקאַ, פּאַנאַמאַ, האָנדו־ראַס, ניקאַראַגואַ, ווענעזועלאַ און קאָלאָמביאַ. די לעצטע צוויי דרום־אַמעריקאַנער לענדער זיינען אויך אַריינגענומען געוואָרן אין די ראַ־מען פון דעם צוזאַמענפאָר, ווייל געאָגראַפיש ליגן זיי אין ראַיאָן פון קאַריבען־ים, אַ שפּאַן פון צענטראַל־אַמעריקע. פון קובאַ האָט קיינער נישט געקענט קומען צו דער פאַרזאַמלונג אין פּאַנאַמאַ, הגם עקסטראַ־אָפיציעל איז דער קובאַנער יידישער ישוב יאָ געווען פאַרטראָטן דורך זיין אַמאָליקע שוחט, הער אייזען, דער פאָטער פון ישראל־קאָנסול אין פּאַנאַמאַ, הער אהרן אייזען. אַלס פאָרשטייער פון קאָלאָמביאַ איז געקו־מען דער דאָרטיקער ספרדישער רב, דוד שאַראַבאַני, איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער קאָנפערענץ, צוזאַמען מיט דעם דאָרטיקן אָרטאָ־דאָקסישן עסקן, הער יונה דרעשער. פון ווענעזועלאַ איז געווען פאַר־טראָטן דער רב פון קאַראַקאַס, מאיר ראָזענבוים, געוועזענער רב פון דער קובאַנער יידישער קהלה. עס זיינען אויך געווען אַנוועזנד עטלעכע אָרטאָדאָקסישע עסקנים פון אַנדערע צענטראַל־אַמעריקאַנער לענדער.



הרב אברהם מ. הערשבערג גיט אַ דיפּלאָם צו ה' מענדל גאַנץ פּרעזידענט פון דער שול „בית יצחק" אין פּאַלאַנקאַ.



דער באַנקעט פֿון מרכז הרבנים פֿון לאַטיין אַמעריקע מיט דער באַטייליקונג פֿון אַמבאַסאַדאָר שניאורסאָן פֿון ישראל, אַמבאַסאַדאָר טאָמאַס מאַן פֿון אַמעריקע. (1962)

די וואָס האָבן נישט געקענט קומען האָבן צוגעשיקט וואַרעמע באַגריסונגען און גוטע ווונטשן. פֿון מעקסיקע איז געווען די גרעסטע און ווי־כטיקסטע דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פֿון הרב הערשבערג פֿון דער שול אין „פּאָלאַנקאָ", ר' יוסף באַרטפעלד, פּאָרזיצער פֿון רעליגיעזן דע־פּאַרטאַמענט פֿון דער היגער קהלה „נדחי ישראל", ר' יהושע שוחט, גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון דער ישיבה פֿאַר מעקסיקע און צענטראַל־אַמעריקע, וואָס הרב הערשבערג האָט דאָ געגרינדעט מיט אַ יאָר צוריק, ר' משה בראַכפעלד, פּרעזידענט פֿון דער זעלבער ישיבה און ר' ישעיהו הילו, פֿון דער ספרדיש־אַראַבישער געמיינדע פֿון מעקסיקע.

עטלעכע טעג צייט האָט די קאָנפֿערענץ שטודירט די געהעדיקע וועגן און מיטלען פֿאַר דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון רעליגיעזער יידישקייט אין אָרטאָדאָקסישן נוסח און פֿון טראַדיציאָנעלן חינוך אין די קליינע



גרויסער באַנקעט אין ספּאָרטצענטער אין מעקסיקע פון מרכז הרבנים כדי צו געבן כבוד צו די פּרעזידענטן פֿון די אָרטאָדאָקסישע שולן פֿון מעקסיקע, מאָנטעריי און גוואַדאַלאַכאַראַ. הרב אברהם מ. הערשבערג פּרעזידענט פון מרכז הרבנים און גײסטיקער פירער פון בית יצחק דפּולנקר־שול זאָגט אַ תּפילה פאַרן שלום פֿון דער וועלט.

ישובים, ווו עס פעלן אויס רבנים, מחנכים, רעליגיעזע עסקנים און לערער. עס איז ברייט און אַלזייטיק דיסקוטירט געוואָרן דער מצב פון יידישקייט און פון די רבנים אין די לענדער ווו עס זיינען פאַראַן רעליגיעזע שולן, אָרטאָדאָקסישע אינסטיטוציעס און גײסטיקע מנ־היגים. אַלס רעזולטאַט פון די ערנסטע פאַרהאַנדלונגען זיינען אָנגע־נומען געוואָרן 14 פאַרשידענע רעזאָלוציעס.

אָבער נאָך אײדער די רעזאָלוציעס זיינען אָנגענומען געוואָרן האָט די קאָנפערענץ באַשלאָסן צו שאַפן צוויי נייע קערפּערשאַפטן: איינע, אַ „מרכז הרבנים", אַ צענטראַלע פאַר די רבנים וואָס וועט זאָרגן פאַר די גייסטיקע מנהיגים און מדריכים פון די קליינע ישובים און פאַר דעם אָפיציעלן סטאַטוס און הצטרכותן פון די רבנים. די צווייטע קערפּערשאַפט הייסט „ועד הקהילות הדתיות". זי וועט זאָרגן פאַר

דער אָרגאַניזירונג פון רעליגיעזע קערפּערשאַפטן אין די קהילות פון די גרעסערע ישובים, אין די ראַמען פון די לאָקאַלע אומשטענדן און ספּעציפישע נויטן פון יעדן ישוב באַזונדער. דער „ועד הקהילות" וועט טראָגן נאָר אַ רעליגיעז־אָרטאָדאָקסישן כאַראַקטער. פּאָרזיצער פון „מרכז הרבנים" וועט זיין הרב מ. הערשבערג פון מעקסיקע. דער וויצע־פּאָרזיצער — הרב מאיר ראָזענבוים פון קאַראַקאַס, ווענעזועלאַ. אַלס פּאָרזיצער פון רעליגיעזן „ועד הקהילות" איז דערוויילט געוואָרן הער יוסף באַרטפעלד פון מעקסיקע. אַלס וויצע־פּאָרזיצערס זיינען באַשטימט געוואָרן די רבנים פון ווענעזועלאַ, קאָלאָמביאַ און פּאַנאַמאַ.

די 14 רעזאָלוציעס וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן פון דער קאָנ־פערענץ אין פּאַנאַמאַ האָבן אַ שייכות צו די פאָלגנדע וויכטיקע ענינים: רעליגיעזע פרייהייט פאַר מיטגלידער פון אַלע רעליגיעס און גלויבנס



הרב אברהם מ. הערשבערג גייסטיקער פירער פון פּאָלאַנקאָ־שול, רעדט ביי דעם גרונטשטיין־לייגן פאַר אַ נייע גרויסע שול „בית יצחק דפולנקו".



ציון מזרחי פרעזידענט פון הר סיני קהלה ווו הרב שלם איז דער רב, באַקומט אַ דיפּלאָם אַלס אָרטאָדאָקסישער פּרעזידענט.

איבער דער וועלט, כדי צו שטאַרקן דעמאָקראַטיע. הילף פאַר יידישע יוגנט באַוועגונגען, כדי צו דערציען דעם יונגן דור אין רעליגיעזן און אָרטאָדאָקסישן גייסט און פאַרמיידן די געפאַר פון יוגנט־פאַרברעכנס. פאַרבעסערונג פון מצב הרבנות אין די קליינע ישובים און הויבן דעם פּרעסטיזש פון די גייסטיקע מנהיגים. שטיצע פאַר אָרטאָדאָקסישע רבנים און די פאַדערונג, אַז די קהילות פון לאַטיין־אַמעריקע זאָלן אָנשטעלן נאָר אַזעלכע רבנים. שטיצע פאַר דער נייער ישיבה אין מעקסיקע פאַר מעקסיקע און צענטראַל־אַמעריקע. שטיצע פאַר דעם רעליגיעזן חינוך פון דעם יונגן יידישן דור, אין עברית און יידיש. אַן אַפּיל צו שטיצן די יידישע און העברעאישע פּרעסע פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט. שטיצע פאַר מדינת ישראל אַלס קוואַל פון דעמאָקראַטיע און בריק צווישן די תפוצות און ישראל. פאַרדאמונג פון די אַנטי־דעמאָקראַטישע באַוועגונגען און פון זייערע מאַכינאַציעס צו אָנצינדן אַ נייעם וועלט־קריג. „בעסער אַ קאַלטער שלום, איידער אַ הייסער קריג" — ווערט אונטערגעשטראָכן אין אַ רעזאָלוציע...

**נאָך דעם ווי די קאָנפערענץ איז פאַרענדיקט געוואָרן איז הרב הערשבערג, אין דער באַגלייטונג פון הרב ראָזענבוים פון קאַראַקאַס, געווי. רב פון האַוואַנאַ, קובאַ, אַפּגעפאָרן קיין מיאַמי, כדי צו דיסקוטירן די לאַגע פון די קובאַנער יידישע פליטים און זייערע רעליגיעזע און גייסטיקע הצטרכותן מיט די אַמעריקאַנער באַאַמטע, וואָס זאָרגן פאַר די קובאַנער אַנטלאָפענע פון קאַסטראָ־רעזשים. די קאָנפערענץ אין מיאַמי איז פון אַ גרויסער וויכטיקייט פאַר די פליטים.**

(„דער וועג")

# דער צווייטער כינוס פון מרכז הרבנים פון לאַטיין אַמעריקע אין באָגאָטאַ

אין אָקטאָבער־נאָוועמבער 1963 איז אין באָגאָטאַ, קאָלאָמביאַ, דורכגעפירט געוואָרן דער צווייטער כינוס פון מרכז הרבנים פון לאַטיין־אַמעריקע. גלייכצייטיק איז אויך דורכגעפירט געוואָרן די קאָנפערענץ פון ועד הקהילות הדתיות, וואָס איז צוזאַמען מיט דעם מרכז הרבנים געגרינדעט געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק אויף אַ קאָנפערענץ אין פּאַנאַמאַ.

דער דאָזיקער כינוס וואָס איז מיט גרויס פייערלעכקייט פאָרגעקומען אין באָגאָטאַ האָט אַרויסגערופן גרויס אויפלעבונג און ענטוזיאַזם אין אַלע יידישע ישובים פון צענטראַל און דרום־אַמעריקע, פון וואַנען עס זיינען דעלעגירט געוואָרן חשובע רבנים, אָרטאָדאָקסישע עסקנים און רעליגיעזע טוערס, כדי צו באַטייליקן זיך אין דער קאָנפערענץ. דער אָרגאַניזאַטאָר פון דעם צווייטן כינוס איז געווען דער חשובער רב הרה"ג ר' אברהם הערשבערג, יושב ראש פון מרכז הרבנים און איניציאַטאָר פון דעם געדאַנק פון אָרגאַניזירן אַלע טראַדיציאָנעלע און רעליגיעזע כוחות פון די יידישע ישובים פאַר געמיינזאַמער אַרבעט לטובת חיזוק הדת והיהדות אין לאַטיינאַמעריקע.

ווי שוין דערמאָנט, זיינען די צוויי מוסדות געגרינדעט געוואָרן קוים מיט עטלעכע יאָר צוריק. דער געדאַנק וואָס הרב הערשבערג האָט געגנומען פאַרשפּרייטן האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין אַלע יידישע ישובים פון דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. אַ באַוויז פאַר דעם איז געווען דער צווייטער כינוס אין באָגאָטאַ וואָס האָט געהאַט אַ גאָר גרויסן דערפאָלג און וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַ גרויסן ענטוזיאַזם.



אויפנאַמע פאַר הרב אברהם מ. הערשבערג אין באָגאָטאַ, פון דעם יידישן ישוב מיט דער באַטייליקונג פון וויכטיקע מלוכה פירער אין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע.



דער באַנקעט וואָס די שטאָט באָגאָטאַ האָט געגעבן צו הרב הערשבערג בעת זיין באַזוך דאָרטן אין נאָמען פון דער קאָמיטיע פאַר רעליגיעזע פרייהייט.

די רעדע וואָס הרב הערשבערג האָט געהאַלטן בעת דער דערעפע־נונג פון דער קאָנפערענץ האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף אַלע דעלעגאַטן און געסט. אין זיין רעדע האָט דער חשובער רב געזאָגט צווישן אַנדערן:

„מיר דאַרפן מיט אַלע כוחות העלפן די ישובים פון די לאַטיין־אַמע־ריקאַנער לענדער, ווייל זיי אַלע האָבן פאַרלוירן דעם מוט און דעם כוח צו בויען זייער גייסטיקן לעבן אין די וועגן פון דער תורה און יידישקייט. ליידער איז זייער גרויס די גייסטיקע נויט אין רבנים און אַפילו אין שוחטים. קליינע גרופעס פון רעליגיעזע יידן שטייען אין אַ שווערן קאַמף פאַר דער אָנהאַלטונג פון אָרגאַניזירטן יידישן לעבן. די דאָרטיקע קהילות זיינען גרייט זיי צו העלפן, אָבער ליידער איז דאָס רעליגיעזע יידנטום צעשפּליטערט און דאָרט איז נייטיק צו העלפן און אָרגאַניזירן אַ רעליגיעזע קערפּערשאַפט.

מיר מוזן אַרבעטן געמיינזאַם פאַר דער שטאַרקונג פון רעליגיעזן יידישן לעבן. נאָר מיט פאַראייניקטע כוחות קען מען שטאַרקן און בויען דעם קיום און המשך פון יידנטום. רעליגיעזע יידן דאַרפן זיין קעמפעריש און מיט מעשים כבירים באַווייזן זייער גרייטקייט צו אַרבעטן פאַר חיזוק היהדות, פאַר אהבת ישראל און פאַר דער שטאַרקונג פון יידישן לעבן אין אַלגעמיין.

די רעליגיעזע אַנשטאַלטן האָבן ליידער גאָרנישט באַקומען פון די דייטשע קליימס געלטער אין לאַטיין־אַמעריקע, ווייל עס איז נישט געווען קיין אָרגאַניזירטער און פאַראייניקטער כוח וואָס זאָל אונדז פאַרטרעטן און זאָל דאָס מאָנען אין אונדזער נאָמען. דאָס רעליגיעזע יידנטום האָט נישט באַוויזן צו שאַפן אַ רעפּרעזענטאַנץ וואָס זאָל קענען פאַרשטעלן מיט זיך דעם כוח. דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום האָט גאָרנישט געטאָן כדי צו העלפן די יידן פון דרום. נאָר מיר אַליין מוזן דעריבער קעמפן פאַר דער שטאַרקונג פון יידישקייט און פון יידישן לעבן אין די ישובים און דאָס קען דערגרייכט ווערן דורך אַ רעליגיעזער יידישקייט און דורך אַ טראַדיציאָנעלן חינוך. דער מצב ביז איצט איז באמת געווען געפערלעך. מען מוז געדענקען, אַז אַ דור אָן קינדער איז אַ דור אַ יתום"...

הרב הערשבערג האָט געטאַדלט אין זיין רעדע די נאָרד־אַמעריקאַ־נער גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציעס וואָס קומען נאָר נעמען געלט ביי יידן אין לאַטיין־אַמעריקע און גיבן גאָרנישט. עס קען קומען צו אַזאַ



הרב אברהם הערשבערג, (דריטער פון רעכטס) ווערט געזען אויף דעם בילד ווי ער האַלט אַ רעדע בעת דעם כינוס פון מרכז הרבנים פאַר לאַטיין־אַמעריקע אין באָגאָטאַ. לעבן אים זיצן די חשובע רבנים הרב מאיר שאַפּיראָ, הרב מאיר ראָזענבוים, הרב פּ. ברעכער הרב דוד שאראבאני, הרב דוד גרינוואַלד, הרב י. רויטבלאַט, הרב ציון לווי פון פּאַנאַמאַ און אַנדערע חשובע רבנים.

מצב, אַז עס וועט שוין נישט זיין שפּעטער ביי וועמען צו נעמען געלט — האָט ער געוואָרנט. ער האָט אויך באַמערקט, אַז פּונקט ווי די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט אָרגאַניזירט די „אַליאַנץ פאַר פּראָגרעס", כדי אַרויסצוהעלפן די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער צו פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישן און סאָציאַלן מצב, אַזוי דאַרפן מיר אויך שאַפן אַן אַליאַנץ פאַר פּראָגרעס און רעליגיעזער דערהויבונג און שטאַרקונג פון יידישקייט. דער עולם האָט מיט גרויס באַגייסטע־רונג אויסגעהערט און אויפגענומען די רעדע פון הרב אברהם הערש־בערג.

דערנאָך זיינען געקומען צום וואָרט די רבנים וואָס האָבן אין נאָמען פון זייערע קהילות זיך באַטייליקט אַלס דעלעגאַטן אויפן כינוס. דערביי זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן זייער ערנסטע און וויכטיקע מיינונגען וועגן דער איצטיקער לאַגע פון יידישן לעבן אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער יידישע ישובים און וועגן די אויסזיכטן אויף להבא.

הרב דוד שאראבאני, וויצע־פרעזידענט פון מרכז הרבנים און הויפּט־רב פון די ספרדישע קהילות אין קאָלאָמביאַ, האָט אַפּעלירט פאַר דער ענגער צוזאַמענאַרבעט פון אשכנזים און ספרדים, כדי מיט געמיינזאַמע כוחות צו קעמפן פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון ייִדישן לעבן. ער האָט אויך גערופן מחזק צו זיין דעם גייסטיקן מצב פון די שולן.

הרב מאיר ראָזענבוים, דער יושב ראש פון ועד הפועל פון מרכז הרבנים האָט אין זיין רעדע גערופן צו שטאַרקן דעם חינוך תורני אין אַלע לענדער און צו קאָנסאָלידירן די פּאָזיציעס פון רעליגיעזן ייִדנטום אין די ישובים.

הרב מאיר שפּירא פון בוענאָס־איירעס, האָט אין זיין רעדע ספּעציעל זיך אָפּגעשטעלט אויף דער געפערלעכער טעטיקייט פון קאָנסערוואַטיזם אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדישע ישובים און ער האָט געוואָרנט קעגן דער סכנה. „מיר מוזן באַקעמפן דעם קאָנסערוואַטיזם וואָס וויל אַריינדרינגען אין אונדזערע גייסטיקע ספערן" — האָט דער חשובער רב פון אַרגענטינע דערקלערט.

הרב אברהם שלם פון מעקסיקע, וויצע־פרעזידענט פון מרכז הרבנים און חשובער רב פון דער שול „מאָנטע סיני" און פון דער דמשקער קהילה, האָט אין זיין רעדע גערופן דעם כינוס, אַז מען זאָל שטאַרקן און בויען ישיבות קטנות וגדולות, ווייל דאָס איז דער הויפּט־פונדאַמענט פון המשך און קיום פון ייִדישקייט. ער האָט דערביי אַרויסגעשטעלט אַלס גוטן ביישפּיל די ישיבות וואָס זיינען לעצטנס געגרינדעט געוואָרן אין מעקסיקע, סיי ביי די אשכנזים און סיי ביי די ספרדים.

הרב יהודה גרינוואַלד, הויפּט רב, פון סאַנטיאַגאָ דע טשילע, האָט גערעדט אין שפּאַניש און ייִדיש און גערופן פאַר חיזוק הדת והיהדות אין אַן ערנסטער פאָרם. ער האָט דערקלערט, אַז מיר קענען נישט מסכים זיין צו „אַ ביסל דת" ווייל אַ ביסל דת איז פּונקט ווי אַ ביסל לעבן, ווייל פּונקט ווי דער קערפּער דאַרף האָבן אַ פולן לעבן אַזוי מוז אויך די ייִדישע נשמה האָבן אַ פול גייסטיק ייִדיש לעבן, באַזירט אויף דער תורה ומסורה.

הרב ציון לוי, דער ספרדישער הויפּט רב פון פּאַנאַמאַ, האָט אין זיין רעדע אַפּעלירט פאַר חיזוק הכשרות אין די ייִדישע ישובים. ער



ד״ר ש. ז. כהנא, דירעקטאָר פֿון משרד הדתות פֿון מדינת ישראל, פרעזענטירט אַ דיפּלאָם פֿון הר ציון צום ה׳ אברהם מ. פֿוקס פֿון מעקסיקע. עס שטייען דערביי הרב והרבנית הערשבערג, די פֿרוי פֿוקס, דוב שאַפּיראָ און אַנדערע געסט.



הרב אברהם מ. הערשבערג לייגט די תורה־קרוין אויפֿן קבר פֿון דוד המלך, צום 18טן יום העצמאות פֿון מדינת ישראל, לויט דער איינלאַדונג פֿון ד״ר ש. ז. כהנא פֿון משרד הדתות.

האָט דערקלערט, אַז נאָר מיט כשרות װעלן מיר קענען רייניקן די יידי־שע נשמות.

אַ חשובער רב פון צענטראַל־אַמעריקע האָט גערעדט װעגן דעם מצב אין די צענטראַל־אַמעריקאַנער יידישע ישובים, װעלכע ער האָט באַזוכט, אײדער ער איז געקומען צו דעם כינוס אין באָגאָטאַ. ער האָט אונטערגעשטראָכן אַז עס איז דאָ זײער פיל װאָס צו טאָן און מען מוז דאָס טאָן װאָס פריער. דער רב הט דעמראָנט דעם גוטן ביישפּיל פון גואַטעמאַלאַ, װאו הרב מאיר ראָזענבוים האָט באַװיזן זײער פיל צו דערגרײכן אויפן רעליגיעזן געביט און אײנפירן כשרע שחיטה, אַ דאַנק דער איניציאַטיװ פון מרכז הרבנים.

די רבנים פון מאָנטעװידעאָ, הרב ר׳ אהרן מילעװסקי און הרב ר׳ אהרן לאשטשאװער, האָבן צוגעשיקט װאַרעמע באַגריסונגען און בריװ צו דעם כינוס אין װעלכע זײ האָבן געלויבט די טעטיקייט פון מרכז הרבנים און פון יושב ראש, הרב אברהם הערשבערג.

זײ האָבן געלויבט די ישיבות פון מעקסיקע און אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס איז דער ריכטיקער װעג פאַר רעליגיעזע יידן אין זײער שטרעבונג צו פאַרשטאַרקן דת און חינוך.

הרב ד. דאיאן פון לימאַ, פּערו, האָט אין זײן װאָרט דערקלערט, אַז היינט צו טאָג מוזן רעליגיעזע יידן קעמפן מיט מסירת נפש פאַר דער דערהאַלטונג פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט און רעליגיעזן חינוך, װײל די שטראָמען פון אַנטי־רעליגיעזע און כפירה־עלעמענטן זײנען זײער שטאַרק.

הרב י. כהן פון ריאָ דע זשאַנײראָ, בראַזיל, האָט באַגריסט זײער װאַרעם דעם כינוס. אויך הרב ברענער פון עקװאַדאָר. עס האָט אויך גערעדט הרב צבי גאָטעסמאַן פון דער קהילה אין באָגאָטאַ (עדת ישראל) און הרב י. רויטבלאַט, הרב פּ׳ ברעכער פון קאַלי, הרב ש. קאַרעליץ פון קאַראַקאַס, װענעזועלאַ, װעלכע האָבן גערופן צו שטאַרקן דעם מצב התורה.

עס האָבן אויך גענומען װערטער אויף דעם כינוס די חשובע רעליגיעזע עסקנים װי ר׳ יונה דרעשער פון באָגאָטאַ, װיצע־פּרעזי־דענט פון װעד־הקהילות, ה׳ דוד קלימאָװסקי דער װיצע־פּרעזידענט פון דער גרויסער יידישער קהילה פון בוענאָס־אײרעס, הער משה מזרחי, יושב ראש פון דער קהילה אין פּאַנאַמאַ און פון יידישן קאָנ־



הרב הערשבערג האַלט אַ רעדע ביי דער סעסיע וועגן חינוך אין לאַטיין אַמעריקע פאַר דער רבנים קאָנפערענץ אין באָגאָטאַ.

גרעס אין צענטראַל אַמעריקע. ער האָט באַגריסט זייער האַרציק דעם כינוס. אויך ה' צבי רייפער פון קאָסטאַ ריקאַ האָט גערעדט און באַגריסט די קאָנפערענץ, אויך דער שו"ב ה' שעכטער פון סאַן כאָסע קאָסטאַ ריקאַ, אויך דער פרעזידענט פון דער קהילה אין באָגאָטאַ, מאַקס וואָלף, האָט געהאַלטן אַ זייער אַ שיינע רעדע.

פון גאָר אַ ספּעציעלער באַדייטונג איז געווען די באַגריסונג פון דעם ישראל אַמבאַסאַדאָר אין קאָלאָמביאַ, מר יעקב ינון. דער חשובער ישראל דיפּלאָמאַט אַליין אַ טראַדיציאָנעלער און רעליגיעזער ייד, האָט גערופן צו שטאַרקן די תורה־יידישקייט און די טראַדיציאָנעלע יסודות פון יידישן פאָלק איבער דער וועלט און פון מדינת־ישראל. עס האָט אויך באַגריסט דער קאָלאָמביאַנער בילדונגס־מיניסטער און דער אַמבאַסאַדאָר פון די פאַראייניקטע שטאַטן, מר. פרימאַן, וועלכער האָט געבראַכט צום כינוס די גוטע וואונטשן פון דער רעגירונג פון וואַשינגטאָן. אין זיין רעדע האָט דער אַמבאַסאַדאָר פון די פאַראייניקטע שטאַטן באַמערקט אַז הרב אברהם מ. הערשבערג, דער פאָרזיצער פון מרכז הרבנים טוט זייער אַ וויכטיקע אַרבעט פאַר רעליגיע און דעמאָקראַטיע אין לאַטיין־אַמעריקע.

עס זיינען געווען זייער שיינע און דערהויבענע מאָמענטן אויף דעם צווייטן כינוס פון מרכז הרבנים. דאָס זיינען געווען מאָמענטן פון פרייד

און ענטוזיאַזם. אַזעלכע מאָמענטן זיינען געווען, ווען הרב אברהם מ. הערשבערג, האָט געזאָגט אַ ספּעציעלע תפילה פאַר דעם שלום אויף דער וועלט און פאַר דעם רוסישן יידנטום. די תפילה האָט געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן רושם צווישן אַלע דעלעגאַטן און געסט פון דער קאָנפערענץ. דער גרויסער עולם אין פּרעכטיקן זאַל פון האָטעל „טעקענדאַמאַ" האָט זיך אויפגעשטעלט פון די פּלעצער און מיט יראת הכבוד אויסגעהערט די תפילה.

מיט פרייד איז אויך אויפגענומען געוואָרן די באַגריסונג וואָס פון ירושלים האָט צוגעשיקט דער הויפּט־רב פון ישראל, הרב ניסים, אויך די טעלעגראַמע פון רעליגיעזן מיניסטעריום פון ישראל, פון מר. וואָר־האַפטיג, פון אגודת הרבנים פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע און און אַ גאַנצע רייע חשובע פּערזענלעכקייטן פון רעליגיעזן יידנטום.

אַ ספּעציעלע באַגריסונג האָט אויך צוגעשיקט ה' מאיר פעלדמאַן פון וואַשינגטאָן, ספּעציעלער ראַט־געבער פון פאַרשטאָרבענעם פּרע־זידענט, דזשאָן פ. קענעדי. עס זיינען אָנגעקומען אויך באַגריסונגען פון הרב דוד האָלענדער פון ניו־יאָרק, פון אגודת ישראל פון אַמעריקע, הפועל המזרחי, הרב אשכנזי פון בראַזיל פון דער קהילה ריאָ דע זשאַ־ניירא און אַ רייע אַנדערע באַגריסונגען און טעלעגראַמעס, וואָס זיינען געלייענט געוואָרן און אויפגענומען געוואָרן מיט פרייד.

אַ פריידיקער מאָמענט פון ענטוזיאַזם און אָנערקענונג פאַר די גוטע מעשים פון די רעליגיעזע עסקנים איז געווען די פייערלעכע אויפנאַמע אין דער ישראל־אַמבאַסאַדע אין באָגאָטאַ און די צעטיילונג פון דיפּלאָמען פאַר די חשובע עסקנים און פּרעזידענטן פון די קהי־לות, ווי אויך פאַר חשובע רעליגיעזע עסקנים, וואָס האָבן זיך אויס־געצייכנט אין זייער אַרבעט פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון יידישקייט אין זייערע ישובים. הרב אברהם מ. הערשבערג האָט פאַרטיילט די דיפּלאָמען אין דער אַמבאַסאַדע פון מדינת ישראל צוזאַמען מיט דעם אַמבאַסאַדאָר, מר. יעקב ינון.

עס איז כדאי אויך צו באַמערקן צום סוף, אַז דער קובאַנער יידי־שער ישוב האָט צוגעשיקט אַ וואַרעמע באַגריסונג, פון דער קהילה „עדת ישראל" צו דעם כינוס, און געבעטן אַ שוחט.

דער צווייטער כינוס פון מרכז הרבנים און פון ועד הקהילות הד־תיות פון לאַטיין־אַמעריקע איז אָן שום ספק געווען אַ גרויסע און וויכטיקע געשעעניש אין דעם אָרגאַניזירטן יידישן לעבן פון די ישובים.

# באריכט פון דער 2טער קאָנפערענץ פון מרכז הרבנים און וועד הקהילות פאַר לאַטיין אַמעריקע און אירע באַשלוסן

פאַרגעקומען דעם 31טן אָקטאָבער ד"י (1963) אין דער שטאָט באָגאָטאָ, קאָלאָמביאָ.

די קאָנפערענץ האָט זיך געווענדעט צו די פעלקער פון דער וועלט, אַז זיי זאָלן אויף אַ פרידלעכן אופן רעגולירן זייערע מחלקות (שטריי־טונגען) פון פאַרשיידענע פּראָבלעמען און רעליגיעזע פרייהייט זאָל הערשן אין אַלע לענדער אָן אונטערשייד פון רעליגיע און קאָליר. מיר יידן ווייסן זייער גוט דעם טעם פון ראַסן געזעצן, טראָץ דעם וואָס מיר זיינען נישט קיין שוואַרצע האָט אונדז דאָך דער אַנטיסעמיטיזם פון דער וועלט פאַרשוואַרצט אונדזער פנים און געבראַכט צו דעם חורבן פון זעקס מיליאָן קרבנות.

דער מרכז הרבנים האָט אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף און אַ וואָרע־נונג קעגן געמישטע חתונות, וועלכע צושטערן די גאַנצקייט פון יידישן פאָלק. מיר מוזן צוגרייטן אונדזער יוגנט אַז זיי זאָלן פאַרשטיין דעם יסוד און צוברעכנקייט פון יידישן לעבן דורך געמישטע חתונות.

דער מרכז הרבנים וועט נישט אָנערקענען גיטין און גירות וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן דורך רבנים וואָס זיינען נישט אָנערקענט אין דער הלכהדיקער וועלט און וועלכע פירן ניט דורך די רעליגיעזע עני־נים כדין וכדת ישראל. אַ רב וועלכער האָט נישט קיין סמיכה דורך אַ אָנערקענטע רבנישע אָרגאַניזאַציע טאָר נישט פּסקענען און זיין קיין רב און אַזאַ רב ווערט נישט אָנערקענט דורך דעם מרכז הרבנים.



בעת דער צערעמאָניע פון אַריינגעבן אַ ספר תורה אין דער ישיבה דמכסיקו דורך ה׳ וואָלף גאָלדבערג. עס שטייען דערביי עסקנים פון דער ישיבה און חשובע אָרטאָדאָקסישע יידן.



בעת אַ פייערלעכער צערעמאָניע אין דער ישיבה דמכסיקו. ביים טיש פון פרעזידיום זיצן חשובע רעליגיעזע עסקנים.



הער אליעזר ראָכמאַן, פֿאַרוואַלטער און טיכטיקער עסקן פֿון דער ישיבה דמכסיקו און איצטיקער אַרויסגעבער פֿון דער צייטונג „דער וועג" האַלט אַ רעדע בעת דער פייערונג.



ביי דער זעלבער צערעמאָניע פֿון חנוכת הבית פֿון בית מדרש זיצן אין פרעזידיום ה׳ שמשון פֿעלדמאַן, פרעזידענט פֿון דער קהלה „נדחי ישראל", ר׳ אברהם רובינשטיין, פרעזידענט פֿון רעליגיעזן דעפּ. פֿון דער קהלה, הרב מאיר ראָזענבוים און אַנדערע געסט.

מיר מוזן פאַרשטאַרקן שמירת שבת און בעטן די בעלי־בתים פון פאַבריקן און געשעפטן אַז זיי זאָלן געבן די יידישע אָנגעשטעלטע אַ מעגלעכקייט אָפּצוהיטן שבת; מיר ווענדן זיך צו אַלע קהילות, אַז זיי זאָלן אָנשטעלן אָרטאָדאָקסישע רבנים און זאָרגן פאַר כלי קודש וועלכע זאָלן אויפוועקן די בעלי־בתים צום גייסט פון תורה און יידישקייט און נישט זיך אַראָפּלאָזן צום תהום פון עם־הארצות און כפירה. מיר אַפּע־לירן צו די קהילות אַז זיי זאָלן אונטערשטיצן די רבנים און די כלי־קודש צו דערמעגלעכן זיי אָנצוהאַלטן דעם יידישן גייסט ברוח ישראל סבא.

עס איז שטרענג פאַרבאָטן צו מאַכן שחיטה דורך באַטויבן די בהמות פאַרן שעכטן אָדער דורך אַנדערע מיטלען וואָס קענען מאַכן די בהמות טריף.

מיר ווענדן זיך צו דער ישראל רעגירונג אַז זי זאָל אָפּשטעלן די מיסיאָנערן, וועלכע האָבן שוין אַוועקגעריסן טויזנטער יידישע קינדער פון אונדזער גלויבן. די מיסיאָן פאַרשפּרייטונג אין מדינת ישראל איז ווי אַ צלם אין היכל השם. די קאָנפערענץ האָט אויך באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַן אינפאָרמאַציע־בוך פון די ריכטיקע רבנים, אָרטאָ־דאָקסישע פירער, רעליגיעזע חינוך אינסטיטוציעס און רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס. ווי אויך שאַפן אַ געבורט רעגיסטראַציע פון יידישע קינדער און אַדאָפּטירטע קינדער; דער מרכז הרבנים אַפּעלירט צו עלטערן וועלכע גייען אַדאָפּטירן קינדער זיי זאָלן זיך פאַראינטערעסירן אין זייער אָפּשטאַמונג.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו עפענען אַ ישיבה גבוהה, אַ בית מדרש לרבנים אונטערן אויפזיכט פון מרכז הרבנים כדי צוצוגרייטן רבנים און כלי קודש פאַר לאַטיין־אַמעריקע.

די קאָנפערענץ האָט פּראָקלאַמירט אַ קאַמפּיין פאַר הונדערט טויזנט דאָלאַר צו העלפן אויפלעבן דאָס רעליגיעזע לעבן אין לאַטיין־אַמעריקע.

גלייכצייטיק רופט די קאָנפערענץ די „אָנו" אַז זי זאָל דערמעגלעכן יידן צוצוגיין צום כותל המערבי ווייל דאָס איז אַ טייל פון דער רע־ליגיעזער פרייהייט פאַר דער וועלט.

דער יידישער גלויבן איז דער איינציקער כח און קשר צווישן די יידן און מדינת ישראל אין די גלות לענדער. דורך תורה און אמונה וועט דער יידישער פאָלק זוכה זיין צו גאולה.

# עפנטלעכער דאַנק און אָנערקענונג

איך דריק דערמיט אויס מיין עפנטלעכן דאנק און האַרציקע אָנערקענונג צו דעם קאָמיטעט וואָס האָט דערמעגלעכט, מיט זיין גרויסמוטיקייט אוןברייטהאַרציקייט, אַז דער ספר זאָל דערשיינען.

ר׳ אברהם־משה פוקס — צבי קעסעל
ר׳ אליעזר ראָכמאַן — אַרכ. אברהם ענגעל־קאָראָנאַ
ר׳ דוד סאָכאטשעווסקי — יצחק דוב בראָדערזאָן
ר׳ יעקב קערשענאָוויטש — חיים טאַבאַטשניק
ר׳ אליהו ז״ק — נחמיי נאָסניק
ר׳ יצחק־מאיר ווייסבורד — צבי קובאַ
ר׳ יעקב בראכפעלד — שמואל דוד ראָזענפעלד

דער מחבר

## בית הכנסת „בית יצחק" דפולאַנקאָ

דער ספר איז דערשינען אין דער צייט פון דעם פייערלעכן חנוכת־הבית פון די פראַקטיקע אָרטאָדאָקסישע שול „בית יצחק" דפולאַנקאָ — מכסיקו. זונטיק, דעם ערשטן טאָג פון סליחות כ״ו אלול תשכ״ז (דעם ערשטן אָקטאָבער 1967).

די שול ווערט געפירט ע״פ דורך התורה והמסורה מיט שיעורים אין שולחן־ערוך און רמב״ם, וואָס ווערן געלערנט דורך הרב הערשבערג ווי דער גייסטיקער פירער פון דער שול.

דער חנוכת־הבית איז פאָרגעקומען מיטן אָנטייל פון אַלע רבנים און רעליגיעזע עסקנים, און אַ גרויסן עולם פון בעלי־הבתים פון מעקסיקע.

די שול איז אויסגעבויט געוואָרן אונטער דער לייטונג פון דער שול און בילדונגס־קאָמיטעט:

הרב אברהם מ. הערשבערג — אביד ור״מ

יצחק מאיר ווייסבורד — ערן־פרעזידענט

דוד סאָכאַטשעווסקי — פרעזידענט

מענדל גאַנץ — ערן־פרעזידענט און גבאי

יוסף-חיים גאָכמאַן — וויצע־פרעזידענט

אליי דייק — וויצע־פרעזידענט

משה דולצין

מיכאל קאָסטאָוו

אברהם שלמה ראָזענפעלד — סעקרעטאַר

### בילדונגס-קאָמיטעט

יהודה לייב ברענער — פרעזידענט

יוסף-חיים גאָכמאַן — קאַסיר

שלמה-זלמן ווייסבורד

מישאַ פעלדמאַן

אינזש. באָריס אַלבין

# אינהאַלט

